**Opętany,** געפּענטעטער, פאַרכאַפּ־
טער, באַהערשטער, אַדורכגע־
נומענער, אַדורכגעדרונגענער ;
איבערגעטר. זין : אומדערטרעגלע־
כער, צעווילדעוועטער, צעיושע־
טער, וואַנזיניקער

**Opętywać, opętać,** אַרומפּענ־
טען, אַרומבינדן ; אַרומוויקלען,
אַרומפּלעכטן, אַרומפּלאָנטערן ;
באַהערשן, אַדורכנעמען

**Opieczętować,** אָפּשטעמפּלען,
אָפּחתמענען, אָפּזיגלען

**Opieka,** „אָפּיעקע“, שוץ, אויפזיכט,
השגחה ; אַפּוטרופּסות; פּראָטעק־
ציע ; wyjść z o—i — ווערן
פּוליאָריק

**Opiekać, opiec,** אָפּבאַקן, אַרומ־
באַקן, אַרומברענען

**Opiekły,** אָפּגעבאַקטער, אָפּגע־
ברענטער

**Opiekować się,** זיך „אָפּיע־
קעווען“, באַשיצן, באַשירעמען,
האָבן השגחה

**Opiekun,** „אָפּיעקון“, אַפּוטרופּוס ;
פּראָטעקטאָר, מעצענאַט, קוראַ־
טאָר ; באַשיצער, באַשירעמער

**Opiekuńczy,** אַפּוטרופּוס־...,
שוץ־..., השגחה...־

**Opiekuństwo,** אַפּוטרופּסות,
פּראָטעקטאָרישקייט ; באַשיצונג,
באַשירעמונג, השגחה

**Opielać, opieć,** אויסיעטן, אויס־
פּיעליען, באַזייטיקן די ווילדע
גראָזן

**Opieniać, opienić,** אַרומשוימען

**Opieniek, opieńki,** בלעטער־
שוואָם, בוימשוואָם

**Opieprzać,** באַפּעפּערן, אָנפּעפּערן

**Opierać, oprzeć,** אָנשפּאַרן, אָנ־
ליינען ; אונטערשפּאַרן ; בויען;
גרונטעווען ; o. się — זיך אָנ־
שפּאַרן ; זיך קעגנשטעלן





**Opierać, oprać,** אָפּוואַשן, אויס־
וואַשן

**Opierścieniać,** אַרומרייפן, אַרומ־
רינגען

**Opierzać, opierzyć,** באַשלאָגן
מיט ברעטער ; o. się—זיך באַ־
דעקן מיט פעדערן ; איבערגעטר. זין:
ווערן רייך

**Opierzchły,** געפּלאַצטער פון
קעלט, ווינט אדג״ל

**Opierzchnąć,** ווערן שאָרסטקע,
רייביק, ראַציק ; פּלאַצן פון קעלט,
ווינט אדג״ל

**Opierzenie,** באַפעדערונג

**Opieszale,** געלאַסן, לאַנגזאַם,
פּאַמעלעך, פּאַוואָליע; נאַכלעסיק,
קריכעריש

**Opieszalec,** קריכער, מאַרודניק

**Opieszały,** געלאַסענער, לאַנגזאַ־
מער, פּאַמעלעכדיקער, פּאַוואָ־
ליעדיקער, קריכערישער ; נאַכ־
לעסיקער

**Opiewać, opiać,** באַזינגען ;
לויטן, קלינגען ; זאָגן, רעדן

**Opiętnować,** אָנצייכענען

**Opięto,** שמאָל, געפּאַסט, נעט בגד

**Opięty,** שמאָלער, געפּאַסטער,
נעטער בגד אדג״ל

**Opijać, opić,** שטאַרק טרינקען
ביי יענעם

**Opilczy,** שיכור־..., שיכורדיקער

**Opilec,** שיכור, שמאָבער, סנאָש־
קער, פּיאַק, פּיאַניצע

**Opilstwo,** שיכרות, זויפעריי, שמאָ־
בעריי, סנאָשקעריי

**Opiłować, opiłowywać,** אָפּ־
זעגן, אַרומזעגן

**Opiły,** אָנגעטרונקענער, באַטרונקע־
נער; איבערגעטר. זין: פאַרשיכורטער,
אַנטציקטער, פאַרבלענדטער

**Opinać, opiąć,** אַרומשפּיליען,
ענג אַרומשפּיליען, אַרומקנעפּלען;

אַרומרינגלען, אַרומקרייזן, אַרומקראַנצן

**Opinja,** מיינונג, אורטייל, איבערצייגונג; אַלגעמיינער אורטייל; נאָמען, שם, רענאָמע, רעפּוטאַציע

**Opinjować,** אַרויסזאָגן אַ מיינונג; רענאָמירן

**Opiołki,** ווילדע גראָזן, וואָס ווערן אַרויסגעריסן ביים יעטן

**Opis,** באַשרייבונג, שילדערונג, בילד; אינהאַלט

**Opisanie,** באַשרייבונג, שילדערונג

**Opisowość,** באַשרייבערישקייט, שילדערישקייט; פּלאַסטישקייט, מאָלערישקייט

**Opisowy,** באַשרייבנדיקער, שילדערנדיקער; פּלאַסטישער, מאָלערישער, פאַרבנרייכער

**Opisywać, opisać,** באַשרייבן, שילדערן; אָפּצייכענען, באַצייכענען, אויסרעכענען

**Opjum,** אָפּיום, נאַרקאָטיש היילמיטל

**Oplamiać, oplamić,** באַפּלעקן

**Oplastrować,** אַרומפּלאַסטערן

**Oplatać, opleść,** אַרומפלעכטן, אַרומוויקלען; איבערגעטר. זין: אַרומנעמען, אַרומכאַפּן; באַהערשן; אַריינציען אין אַ נעץ

**Oplatanka** אַרומגעפלאָכטן פלעשל

**Oplatany,** אַרומגעפלאָכטענער

**Oplątać, oplątywać,** אַרומפלאָנטערן, אַרומוויקלען, אַרומדרייען; באַהווישן, פאַרפירן, פאַרבלענדן

**Opleśniałość,** פאַרשימלטקייט

**Opleśniały,** פאַרשימלטער

**Opleśnieć,** ווערן פאַרשימלט

**Oplombować,** אַרומפּלאָמבירן

**Oplot,** אַרומפלעכט, געפלעכט

**Opluć, opluwać,** באַשפּייען, באַגאַווערן; איבערגעטר. זין: פאַרשוואַרצן, אויסטראַכטן אַ בלבול

**Opługawiać, opługawić,** פאַרמיאוסן, פאַרנבזהן; פאַרשמוצן, באַפלעקן, פאַרשוואַרצן

**Opluskać,** באַפּליעסקען, באַכליאַפּען, באַשפּריצן

**Opłacać, opłacić,** אָפּצאָלן, באַלוינען; אָפּדינען, פאַרגיטיקן

**Opłakany,** באַקלאָגטער, באַוויינטער, באַדויערונגסווערטער, עלנטער, נעבעכדיקער

**Opłakiwać, opłakać,** באַוויינען, באַקלאָגן, באַדויערן

**Opłata,** אָפּצאָל; צאָל־שטייער

**Opłatek,** פלאַסטערל

**Opłaz,** פלאַכער באַרג־שיפּוע

**Opłocić,** אַרומצוימען מיט אַ פּלויט

**Opłomieniać, opłomienić,** אַרומפלאַמען, באַלויכטן; איבערגעטר. זין: זיך פאַררויטיקן

**Opłonąć,** זיך פאַררויטיקן, רויט ווערן; זיך אָפּרוען, קומען צו זיך

**Opłonka,** מין פלאַטערל

**Opłotek,** שמאָלער דורכגאַנג צווישן פּלויטן; i—o — לייוונטווענט פון אַ געצעלט

**Opłowiały,** אָפּגעקראָכענער, אָפּגעבאַרעטער, אָפּגעבליאַקעוועטער

**Opłowić,** מאַכן אָפּגעקראָכן, אָפּגעבאַרעט

**Opłowieć,** אָפּקריכן, אָפּבליאַקירן

**Opłókać opłókiwać,** אָפּשווענקען, אָפּוואַשן, אָפּגיכן, אָפּנעצן

**Opłucna,** לונגענהייטל; ברוסטהייטל

**Opłynąć, opływać,** אַרומפליסן, אַרומשווימען; אַרומגיסן, אַרומפלייצן; איבערגעטר. זין: אַרומנעמען, אַרומפאַסן

**Opoczysty,** פעלזנפולער, שטיינפולער; איבערגעטר. זין: האַרטער, פאַרהאַרטעוועטער

**Opodal,** נישט ווייט, נישט גאָר ווייט

**Opodatkować,** באַשטייערן

**Opoka,** פעלז, שטיין, פעלזנשטיין; פעלזנבאָדן; פונדאַמענט, יסוד, גרונט, באַזע

**Opole,** דערפערגרופּע אין אַלטן פוילן

**Opolerować,** אָפּפּאָלירן

**Opoliczkować,** אויספּאַטשן

**Opona,** צודעק, דעקע; ברעזענט; באַשלאַג, באַצוג; טאַפּעט; פאָר־האַנג, קאָטערע; —o. gumowa גומי־באַשלאַג צו אויסאָ־ אין וועלאָסיפּעדרעדער

**Oponent,** אָפּאָנענט, קעגנער אין אַ דיסקוסיע

**Oponować,** אָפּאָנירן, אָפּשפּאַרן אַ מיינונג אין אַ דיסקוסיע; איבער־שפּאַרן, פאַרניינען, אָפּלייקענען, אָפּפרעגן

**Oponsowieć,** ווערן רויט

**Opończa,** אַלטפּוילישער מאַנטל

**Opora,** אָנשפּאַר, אָנליין, אונטערליין; שטיצפּונקט

**Opornie,** שווער, מיט שוועריקייטן; קעגן ווילן; געצוואונגענערהייט

**Oporządzić,** מאַכן אַ סדר; צו־ריכטן, אַרומפּאַרטיקן; אַרומטאָן, אַרומשיקעווען; אַרומשאָבן פיש אדג"ל; איבערגעטר. זין: אויסליידיקן; באַגזלענען, אַרומשינדן, אויסנוצן

**Opossum,** מין רויב חיה

**Oposy,** אָפּאָס־פוטער

**Opowiadacz,** דערציילער, פאַר־ציילער, בעל־מעשה

**Opowiadać, opowiedzieć,** דערציילן, פאַרציילן; באַקאַנט מאַכן, מעלדן, מודיע זיין; אָנזאָגן, מבשר זיין, פאַרקינדיקן; פאָרזאָגן

**Opowiadanie,** דערציילונג, מעשה, געשיכטע, נאָוועלע; מעל־דונג, מודעה; אָנזאָג, בשורה; פאַרקינדיקונג

**Opowieść,** דערציילונג, מעשה; נאָוועלע; ידיעה, נאַכריכט





**Opozycja,** אָפּאָזיציע, קעגנער־שאַפט, ווידערשטאַנד

**Opozycyjny,** אָפּאָזיציאָנעלער, קעגנערישער

**Opój,** טרינקער, זויפער, שיכור

**Opór,** ווידערשטאַנד, ווידערשטאַנדס־קראַפט

**Opóźniać, opóźnić,** פאַר־שפּעטיקן; אָפּלייגן, אָפּשלעפּן

**Opożnienie,** פאַרשפּעטיקונג; אָפּ־לייגונג, אָפּשלעפּונג

**Opracować, opracowywać,** באַאַרבעטן, אַרומאַרבעטן

**Oprawa,** איינבונד; הענטל; הילע; ראַם; קויציע, ערבות־געלט; כתובה; אויסשטאַטונג בפרט חתונה־אויסשטאַטונג

**Oprawca,** תליון־געהילף; שינדער־קנעכט; אַמאָליקער פּאָליציידינער; רויבער, גזלן, באַנדיט, גנב

**Oprawiacz,** איינבינדער; רעמלער

**Oprawiać, oprawić,** איינבינדן; איינהילן, איינראַמען; גאַראַנטירן; אויסשטאַטן

**Oprawny,** איינבונד־..., איינגעבונ־דענער; איינגעפאַסטער

**Oprażyć,** אַרומקאָכן, אַרומבראָטן, אַרומבריען

**Opresja,** דרוק, יאָך, אונטערדרי־קונג; עגמת־נפש, פאַרצווייפלונג

**Opresor,** אונטערדריקער, אונטער־יאָכער, פאַריאָכער

**Oprocentować,** באַשטימען פּראָ־צענטן, באַצינזן

**Opromieniać, opromienić,** באַשטראַלן

**Oprowadzacz,** אַרומפירער, פירער

**Oprowadzać, oprowadzić,** אַרומפירן, אומפירן

**Oprócz,** אויסער, חוץ, אַפּאַרט

**Oprószać, oprószyć,** אַרום־שטויבן

**Oprówać, opróć,** אַרומטרענען
**Opróżniać, opróżnić,** אויסלײדיקן, אָפּלײדיקן
**Opróżniały,** אויסגעלײדיקטער
**Oprymować,** אונטערדריקן, אונטעריאָכן, פֿאַריאָכן
**Opryskać, opryskiwać, oprysnąć,** אַרומשפּריצן, באַשפּריצן
**Opryskliwie,** היציק, ראַשיק, בורטשיק, ברומיק; אומגעדולדיק, אומהעפֿלעך
**Opryskliwy,** היציקער, אָפּבורטשענדיקער, אָפּברומענדיקער; אומגעדולדיקער, אומהעפֿלעכער
**Opryszczki,** הויטבלעזלעך, מין אויסשיט בפֿרט אויף די ליפּן
**Opryszek,** באַנדיט, רויבער, גזלן, רוצח, גנבֿ
**Oprzeć się, opierać się,** זיך אָנשפּאַרן, אָנלײנען; זיך אַקעגנשטעלן
**Oprzęd,** אַרומשפּינונג, אַרומוועבונג; שפּינוועבס פֿון אַ זײַדוואָרעם
**Oprzędzać, oprząść,** אַרומשפּינען, אַרומוועבן, אַרומפֿלעכטן
**Oprzytomnić,** אָפּמינטערן, ברענגען צום באַוואוסטזײַן
**Oprzytomnieć,** קומען צום באַוואוסטזײַן
**Opsnąć się,** זיך אַראָפּגליטשן, אַראָפּשאַרן
**Opstrzyć,** אָנפֿלעקן מיט פֿאַרבן, אָנפּאַטשקען, באַפֿלעקן
**Optyczny,** אָפּטישער; אויג-...
**Optyk,** אָפּטיקער, פֿאַבריקאַנט אָד. סוחר פֿון אָפּטישע מאַטעריאַלן
**Opublikować,** פּובליקירן, פֿאַרעפֿנטלעכן, אָפּדרוקן
**Opucha,** אַרומנײַונג, אַרומזוימונג
**Opuchlina, opuchłość,** געשווילעכץ
**Opuchły,** געשוואָלענער, אויפֿגעבלאָזענער
**Opuchnąć,** ווערן געשוואָלן
**Opukać, opukiwać,** אַרומקלאַפּן; אונטערזוכן, אויסהערן א קראַנקן
**Opust,** הנחה, פּרײַז-הנחה, ראַבאַט
**Opusta,** אומבאַאַרבעטער פֿעלדבאָדן
**Opustoszać, opustoszyć,** מאַכן פּוסט, פֿאַרוויסטן
**Opustoszały,** פּוסטער, פֿאַרוויסטער, חרובֿער; פֿאַרלאָזענער, פֿאַרוואָרלאָזטער, אומבאַוואוינטער
**Opustoszeć,** ווערן פּוסט, פֿאַרוויסט, פֿאַרוואָרלאָזט
**Opuszać, opuszyć,** אַרומדעקן מיט פּוך; אַרומנײען, אַרומזוימען מיט פּוטער; אָנבלאָזן
**Opuszczać, opuścić,** אָפּלאָזן, אַראָפּלאָזן, אַדורכלאָזן א געלעגנהייט
**Opuszczenie,** פֿאַרלאָזונג, פֿאַרוויסטונג, פֿאַרוואָרלאָזונג, פֿאַרנאַכלעסונג; פֿאַראײַנזאַמונג
**Opuszczony,** פֿאַרלאָזענער, אָפּגעלאָזענער, פֿאַרנאַכלעסיקטער; פֿאַראײַנזאַמטער
**Opuszka,** פּוטערבאַשלאָג, פּוטער-איבערצוג
**Opychać, opchać,** אָנשטאָפּן, אָנפּאַקן
**Opylać, opylić,** באַשטויבן אין באַטאַניק; אַרומשטויבן, אָפּשטויבן
**Opytać, opytywać,** אַרומפֿרעגן, אויספֿרעגן
**Oracki, oraczy,** אַקער-..., אַקערדיקער; — żelazo o—e אַקער-אײַזן
**Oractwo,** אַקערבוי
**Oracz,** אַקערער, ערדאַרבעטער
**Orać,** אַקערן; איבערגעטר. זײַן: שווער האָרעווען
**Orangutang, orangutan,** אָראַנג-אוטאַנג, מין גרויסע מאַלפּע

**Oranie,** אַקערונג

**Oranż,** אָראַנזש, פּאָמעראַנצן-קאָליר, געל-רויטער קאָליר

**Oranżada,** אָראַנזשאַד, געטראַנק פון וואַסער, צוקער און פּאָמע-ראַנצזאַפט

**Orator,** אָראַטאָר, שיינרעדנער, בעל-דרשן

**Oratorski,** אָראַטאָרישער, שיינ-רעדנערישער

**Oratorstwo,** אָראַטאָרקונסט, רעד-נערקונסט, שיינרעדנעריי

**Oraz,** און, אויך, ווי אויך, צוגלייך

**Orbita,** פּלאַנעטנוועג; אויגנלאָך

**Orczyk** אָרטשיק, וואָגנדרענגל; הענטל ביים שיפשטייער

**Order,** אָרדער, אויסצייכענונג, מע-דאַל; באַפעל, אויפטראַג; מאַנדאַט

**Orderować,** אויסצייכענען מיט אַן אָרדער

**Ordynans,** אָרדינאַנס, אָפיציר-באַ-דינער; באַפעל, פאַראָרדענונג

**Ordynarny, ordynaryjny,** אָרדינערער, פּראָסטער, געוויינ-לעכער, גראָבער

**Ordynator,** אָרדינאַטאָר, שפּיטאָל-אויפזעער, שפּיטאָלליטער

**Ordynek,** אָרדענונג, סדר; קלאַס, מין, סאָרט, גאַטונג, קאַטעגאָריע, גרופּע

**Ordynka,** קרומער טאָטערישער שווערד

**Ordynować,** אָרדינירן, פאַראָרדע-נען; פאַרשרייבן, אַרויסשיקן, קאָ-מאַנדירן; אַמטירן אַלס דאָקטאָר, אויפנעמען קראַנקע

**Ordynus,** אָרדינערער געמיינער מענטש, גראָביאַן

**Ordzewiały,** פאַרזשאַווערטער, פאַרראָסטעטער

**Ordzewieć,** ווערן פאַרזשאַווערט

**Orędować,** מיטווירקן, גורם זיין; זיך איינשטעלן; זיך משתדל זיין, בעטן פאַר עמעצן, בעטן רחמים

**Orędownictwo,** שתדלנות

**Orędownik,** שתדלן, מליץ-יושר, פּראָטעקטאָר, פּאַטראָן, באַשי-צער, פאַרטיידיקער; שליח, באַ-פולמעכטיקטער

**Orędzie,** טראָנרעדע; ווענדונג, פייערלעכער אויפרוף

**Oręż,** געווער, וואָפן; złożyć o.— זיך אונטערגעבן

**Orężnie,** באַוואָפנט

**Orężnik,** וואָפנטרעגער, נושא-כלים; וואָפנאַרבעטער, אַרסענאַל-אַר-בעטער, וואָפנרייניקער

**Orężny,** געווער-..., וואָפן-...; באַ-וואָפנטער; קריגערישער

**Organ,** אָרגאַן, טייל פון אַ לעבע-דיקן קערפּער אָד. געוויקס, וואָס האָט אַ באַשטימטע פונקציע; אבר, גליד; קול, שטימע; אַמט, אויס-פיראַמט; צייטשריפט, פּאַרטיי-צייטונג; אָרגל

**Organecznik,** מין ים-פּאָליפּ

**Organek,** קליינער אָרגל; קאַמין, קוימענדל

**Organizacja,** אָרגאַניזאַציע, פאַ-רייניקונג פון באַזונדערע טיילן; אינערלעכער געבוי פון אַ לעבע-דיקן קערפּער אָד. געוויקס

**Organizator,** אָרגאַניזאַטאָר, אָר-גאַניזירער, איינאָרדענער, אַיינריכ-טער, אויספירער

**Organizm,** אָרגאַניזם, גאַנצער בוי פון אַ קערפּער

**Organizować,** אָרגאַניזירן, דורכ-פירן, אויספירן; איינריכטן, איינ-אָרדענען, פאַראַנשטאַלטן

**Organmistrz,** אָרגלמייסטער; אָרגלפאַבריקאַנט; אָרגלשפּילער

**Organmistrzostwo,** אָרגלמייס-טערשאַפט, אָרגלקונסט

**Orgja,** אָרגיע, ווילדע אויסגעלאַ- סענע פאַרווײַלונג

**Orjentalny,** אָריענטאַלישער,מזרח- דיקער

**Orjentować się,** זיך אָריענטירן, זיך אָפּגעבן אַ דין-וחשבון פון דעם אָרט, וואו מען געפינט זיך; זיך פאַנאַנדערקלייבן אין אַן ענין

**Orka,** דאָס אַקערן; איבערגעטר. זין: שווערע פראַצע

**Orkan,** אָרקאַן, געוואַלדיקער ים- שטורעם, הוראַגאַן, שטורעמווינט, ציקלאָן

**Orkiestra,** אָרקעסטער, מוזיקאַנטן- אַנסאַמבל, קאַפּעליע

**Orkiestralny, orkiestrowy,** אָרקעסטער-..., אָרקעסטראַלער

**Orkisz,** מין תבואה; מין קאַשע

**Orlan,** אָדלערהאָלץ, מין געוויקס

**Orlątko, orlę,** אָדלערל

**Orlean,** אָרלעאַן, אָרלעאַן-פאַרב, פאָמעראַנצן-פאַרב

**Orli,** אָדלער-..., אָדלערשער; o. nos—אָדלערנאָז; איבערגעטר. זין: שאַרפער, שאַרפזיניקער

**Orlica,** אָדלערין

**Orlik,** אָדלערל, יונגער אָדלער; ים- אָדלער, מין געוויקס

**Orlooki,** אָדלעראויגיקער

**Orłodziób,** אָדלערשנאָבל, מין אָדלערפייגל

**Orłolew,** אָדלערלייב, גריף

**Orłosęp,** אָדלערשפאַרבער

**Orłowaty,** אָדלער-..., אָדלעראַר- טיקער

**Orłowy,** אָדלער-..., אָדלערשער; a—o l s—בעסטער סאָרט פוי- לישער זאַלץ

**Ornamencista,** אָרנאַמענטיסט, אָרנאַמענטיר-קינסטלער,באַצירער

**Ornament,** אָרנאַמענט, פאַרצי- רונג, באַפוצונג

**Ornamentować,** אָרנאַמענטירן, פאַרצירן, באַפוצן

**Ornat,** אָרנאַט, גלח-קלייד

**Oropiały,** פאַרראָפּעטער, פאַראיי- טערטער

**Oropieć,** ווערן פאַרראָפּעט, פאַר- אייטערט

**Orosiały,** באַדעקט מיט טוי

**Orosić,** באַטויען; באַשפריצן

**Orosieć,** ווערן באַדעקט מיט טוי

**Oróżowić,** באַראָזיקן; פאַררויטלען

**Orszada,** אָרשאַד, קאַלטער טרונק פון וואסער, מאנדלען און צוקער

**Orszak,** צוג, פראָצעסיע, באַגליי- טערקרייז; סוויטע

**Ortodoksja,** רעכטגלויביקייט, שטרענגע אָפּהיטונג פון די רע- ליגיעזע געבאָטן

**Ortografja** אָרטאָגראַפיע,אויסלייג- כללים, שרייב-כללים

**Oryginalnie,** אָריגינעל, אייגנ- אַרטיק, אייגנטימלעך, מערקוויר- דיק; כאַראַקטעריסטיש; זעלבּ- שטענדיק

**Oryginalność,** אָריגינעלקייט, אייגנאַרטיקייט, אייגנטימלעכקייט, מערקווירדיקייט; כאַראַקטעריס- טישקייט; נייקייט; אויסטערליש- קייט, מאָדנעקייט

**Oryginalny,** אָריגינעלער, אייגנ- אַרטיקער, אייגנטימלעכער,מערק- ווירדיקער; כאַראַקטעריסטישער; נייער; אויסטערלישער, מאָדנער

**Oryginał,** אָריגינאַל, ערשטער קוואַל, אורפאָרם, אורגעשטאַלט, אור-בילד; זעלטנקייט, מערק- ווירדיקייט

**Oryl,** האָלצטרייבער, פליטנטרייבער

**Orylka, orylstwo,** האָלצטריי- בעריי, פליטנטרייבעריי

**Orysować, obrysować,** אַרומ- צייכענען, אַרומלינירן

**Orzech,** נוס, נוסבוים; nie gryź z djabłem o—ów — שפּיל זיך נישט מיטן טייוול; nie warte pustego o—a — נישט ווערט קיין שמעק טאַבאַק

**Orzechowiec,** נוסוואָרעם

**Orzechowy,** נוס־..., נוסאַרטיקער

**Orzechówka,** נוסשנאַפּס; מין פייגל

**Orzeczenie,** באַצייכענונג, דעפינירונג, פאָרמולירונג; מיינונג, אורטייל, דעציזיע, באַשלוס; אין גראַמאַטיק: פּרעדיקאַט

**Orzecznictwo,** אורטיילונגס־רעכט, דעצידירונגסרעכט

**Orzekać, orzec,** באַצייכענען, דעפינירן, פאָרמולירן; משפּטן, אורטיילן; דעצידירן, באַשליסן; אַרומרעדן; באַשרייבן, שילדערן

**Orzeł,** אָדלער; איבערגעטר. זין: מענטש מיט אַ מעכטיקן גייסט

**Orzełek,** אָדלערל, אָדלערבילד אויף מטבעות, קנעפּלעך אדג״ל

**Orzeszek,** ניסל; ניסשאָקאָלאַדקע

**Orzesznik,** נוסוועלדל

**Orzeszyna,** נוסהאָלץ; נוסשאָלעכץ

**Orzeźwiać, orzeźwić,** אָפּפרישן, אויפמונטערן, דערקוויקן, אַטכייען, שטאַרקן, קרעפטיקן, אויפלעבן

**Orzeźwieć,** ווערן אָפּגעפרישט, אויפגעמונטערט, דערקוויקט, געשטאַרקט, געקרעפטיקט

**Orzeźwiony,** אָפּגעפרישטער, אויפגעמונטערטער, דערקוויקטער, אַטכייעטער, געשטאַרקטער, געקרעפטיקטער, אויפגעלעבטער

**Orzygać,** אָפּברעכן, צוריקברעכן; אָפּגרעפּצן

**Orzynać, orznąć,** אַרומשניידן; אַרומשלאָגן, אַרומקלאַפּן; אַריינשמייסן, אַריינקאַטעווען; אָפּנאַרן;





אויסלאַכן, אָפּחוזקן, פאַרפירן, באַשווינדלען, פאַרשאַכערן; אָפּגעווינען, צוריקגעווינען

**Osa,** וועספּע, מין אינזעקט

**Osaczać, osaczyć,** אַרומרינגלען, אַרומשפּרינגען, בפרט אַ חיה; אַרומכאַפּן, אַרומצוימען; בלאָקירן, באַלאַגערן אַ פעסטונג; —o. się זיך פאַרפלאָנטערן

**Osacznik,** יעגער־טרייבער

**Osad,** קערפּער, וואָס טיילט זיך אויס פון אַ כעמישן געמיש און זעצט זיך אָפּ אויפן דנאָ; אָפּזעצונג; אָפּשטייעכטס פון מאכלים; אין פוילן: „זגרענזעס"; הענטל

**Osada,** איינפאַסונג, איינרעמלונג; הענטל; ישוב, קאָלאָניע

**Osadawiać, osadowić,** באַזעצן, באַישובן, פאַרקאָלאָניזירן

**Osadka,** הענטל; בלומשטענגל

**Osadnictwo,** קאָלאָניזירונג, באַישובונג

**Osadniczy,** קאָלאָניע־..., קאָלאָניסטישער

**Osadnik,** קאָלאָניסט; שטענדיקער שטייער־איינמאָנער

**Osadnik,** מין פלאַטערל

**Osadny,** קאָלאָניע־..., ישוב־..., קאָלאָניזיר־פעאיקער; באַוואוינטער, באַפעלקערטער

**Osadzać, osadzić,** באַזעצן, באַוואוינען, באַפעלקערן, פאַרקאָלאָניזירן; לאָקירן, אַריינזעצן; אַריינפּאַקן, פאַרשפּאַרן, פאַרשליסן; פאַרזאָרגן, באַזאָרגן; באַפעסטיקן; — o. konia צוימען אַ פערד אין לויף; — o. się זיך אַרומרינגלען

**Osamiały,** פאַראיינזאַמטער, פאַרוואָרלאָזטער, פאַריתומטער

**Osamotnić,** פאַראיינזאַמען, פאַרוואָרלאָזן, פאַריתומען

**Osamotnieć,** ווערן פאראיינזאמט
**Osamotnienie,** פאראיינזאמונג, פארוואָרלאָזונג, פאראָפּזונדערונג, פּצ׳ריתומונג
**Osączać, osączyć,** אדורכזאָפּן, אדורכטריפן
**Osądzać, osądzić,** באמשפטן, באאורטיילן; ארויסזאָגן א מיינונג
**Oschle,** טרוקן, אויסגעטריקנט; איבערגעטר. זין: קאַלט, אומגערן, גלייכגילטיק
**Oschłość,** טרוקנקייט, אויסגע-טריקנטקייט; איבערגעטר. זין: לעבנס-לאָזיקייט, פארבנאָרעמקייט
**Oschły,** טרוקענער, אויסגעטריקנ-טער; איבערגעטר. זין: גלייכגילטי-קער, קאַלטער; לאנגווייליקער פארבנאָרעמער סטיל אדג״ל
**Oschnięcie,** אויסטריקענונג
**Osełka,** זאמדשטיין; שלייפשטיין, שארפשטיין; o. masła—אָוואַלער פּוטערשטיק
**Osep, osyp,** שטייער אין תבואה
**Osesek,** זויגקינד, זויגלינג
**Oset,** דיסטלגעוויקס, מין דאָרן; איבערגעטר. זין: בייסיקער בייזער מענטש
**Osetnik,** מין טאַגפלאַטערל
**Osęk,** קרומער האָקארטיקער בוים; קרום מעסער צום שניידן צווייגן
**Osęka,** מין שפיז
**Osękiel,** אויסערלעכער טייל פון א וואַגנאַקס
**Osękowaty,** האָק-...האָקארטיקער
**Osępiałość,** טריבקייט, פאראו-מערטקייט; פינסטערקייט
**Osępiały,** באַטריבטער, פאראו-מערטער, פארפינסטערטער
**Osępić,** באַטריבן, פאראומערן
**Osępieć, osępić się,** ווערן באַטריבט, פאראומערט, פאר-כמורעט

**Osiadać, osiąść,** זיך אראָפּזעצן, אראָפּלאָזן; זיך אָפּזעצן, אָפּשטיין; זיך באַזעצן, באַזישובן, באַוואוי-נען; בלייבן שטעקן; באַהערשן, באַזיגן, באַצווינגען; o. na bruku—בלייבן זיצן אויף דער גאַס אָן ארבעט; o. na koszu—פארזעסן ווערן א בתולה
**Osiadka,** אָפּזאָק-זאַלץ
**Osiadłość,** אייגנטום, פארמעגן, נחלה, גוט; זיצאָרט, וואוינאָרט; באַזעסנקייט, באַישובטקייט
**Osiadły,** באַזעצטער, באַישובטער; באַוואוינטער, באַפעלקערטער; ptaki o—e תושבים-פייגל; o—e życie פליען ווינטער נישט אוועק; o—e תושב-לעבן
**Osiągać, osiągnąć,** דערגרייכן, דערלאַנגען, דערוווערבן
**Osiąkać, osiąknąć,** אדורכטרי-קענען דורך אָפּטריפן, אָפרינען
**Osidlać, osidlić,** ארומפלאָנ-טערן, ארומוויקלען, אריינכאַפּן אין א נעץ
**Osiec, osiekać, obsiec,** אָפּ-שמייסן, אריינצימבלען
**Osiedlać, osiedlić,** באַזעצן, באַישובן, באַוואוינען, באַפעלקערן, קאָלאָניזירן
**Osiedle,** ישוב, קאָלאָניע
**Osiedlenie,** באַזעצונג, באַישובונג, באַוואוינונג, באַפעלקערונג, קאָ-לאָניזירונג
**Osiedleniec,** באַזעצטער; קאָלאָ-ניסט; פארשיקטער, פארטרי-בענער
**Osiedliny,** באַזעצונג, באַישובונג, באַוואוינונג, באַפעלקערונג, קאָ-לאָניזירונג
**Osiedlisko,** זיצאָרט, תושב-אָרט; פארשיקונגסאָרט
**Osiedzieć się,** זיך באַזעצן אלס

תושב; בלייבן וואוינען אויף איין אָרט; אויסזיצן, אָפּזיצן

**Osiekać,** אָפּהאַקן, אַרומהאַקן; אָנ-שלאָגן, אָנשמייסן

**Osieł, osioł,** אייזל; איבערגעטר. זין: נאַר, שוטה; **—o. dardanelski** חמור, אייזלקאָפּ

**Osiem, ośm,** אַכט (8)

**Osiemdziesiąt, ośmdziesiąt,** אַכציק (80)

**Osiemdziesiąty, ośmdziesiąty,** אַכציקסטער

**Osiemdziesięcioletni,** אַכ-ציקיאָריקער

**Osiemkroć,** אַכטפּאַכיק, אַכט מאָל אַזויפיל

**Osiemnastoletni,** אַכצניאָריקער

**Osiemnasty, ośmnasty,** אַכצנטער

**Osiemnaście, ośmnaście,** אַכצן (18)

**Osiemset, ośmset,** אַכטהונ-דערט (800)

**Osiepać, osiepywać,** אַרומ-רייסן, אַרומפליקן

**Osierocać, osierocić,** פאַר-יתומען, פאַראיינזאַמען

**Osierociały,** פאַריתומטער, פאַר-איינזאַמטער

**Osierocieć,** ווערן פאַריתומט, פאַר-איינזאַמט

**Osiew, obsiew,** אַרומזייונג, זייונג, זריעה

**Osikać,** באַגיסן, באַשפּריצן; באַפּישן

**Osina, osika,** יאַשעָנבוים

**Osiniec,** מין פלאַטערל

**Osinieć,** ווערן בלוי פון קלעפּ, פראָסט

**Osinówka,** מין פלאַטערל

**Osiodłać,** אָנזאָטלען; איבערגעטר. זין: באַהערשן, באַצוימען, באַזיגן

**Osiomierz,** דורכשניט-מעסטער פון אַן אַקס

**Osiowy,** אַקס-..., אַקסיקער; וויכ-טיקסטער, עיקרדיקער, צענטראַ-לער, פונדאַמענטאַלער

**Osiwiały,** גרוי געוואָרענער

**Osiwieć,** ווערן גרוי

**Oskalpować,** אַרומסקאַלפּירן, אַרומשינדן די הויט פון קאָפּ

**Oskard,** אָסקאַרד, שפּיצאייזן, גראָב-אייזן, ברעכאייזן

**Oskarżać, oskarżyć,** אָנקלאָגן, באַשולדיקן, פאָרוואַרפן

**Oskarżenie,** אָנקלאָגונג, באַשול-דיקונג, פאָרוואַרפונג

**Oskarżony,** אָנגעקלאָגטער, באַ-שולדיקטער

**Oskarżyciel,** אָנקלאָגער, באַשול-דיקער; פּראָקוראָר, קטיגור

**Osklepiać, osklepić,** אַרומ-וועלבן

**Oskoczyć, obskoczyć,** אַרומ-שפּרינגען; אַרומרינגלען

**Oskoła,** געוויקסנזאַפט, ביימערזאַפט, פלאַנצנמילך

**Oskoma,** צײן-אײליקײט; אין װײסרוס-לאַנד: „אַסקאָמינע"; אַפּעטיט, חשק; **—czynić o—ę** צוזאָגן עפּעס אָנ-גענעמס; **— mieć o—ę na...** האָבן חשק צו...

**Oskorupienie** פאַרקאַלכונג, פאַר-וואַפּנונג; אינקרוסטאַציע

**Oskórek,** הייטל, שאָל

**Oskrobki,** שאָלעכץ, שאָלן; שיפּן;

**Oskrobywać, oskrobać,** אָפּ-שקראָבען, אָפּשאָבן, אָפּשיפּן, אָפּ-קראַצן, אָפּרייבן

**Oskrzele,** לופטרערן, לונגענרערן

**Oskrzydlać, oskrzydlić,** באַ-פליגלען

**Oskubać, oskubywać,** אַרומ-פליקן, אַרומצופּן

**Osłabiacz,** אָפּשוואַכער

**Osłabiać, osłabić,** אָפּשוואַכן;

איבערמאַטערן ; אָפּקילן ; פאַר-
קלענערן
**słabiająco,** אָפּשוואַכנדיק
**słabieć, osłabnąć,** ווערן אָפּ-
געשוואַכט, פאַרחלשט
**słabienie,** אָפּשוואַכונג, חלשות
**słabły, osłabiony,** אָפּגע-
שוואַכטער, פאַרחלשטער
**sładzać, osłodzić,** אָפּזיסן,
זים מאַכן; איבערגעטר. זין: מילדערן,
לינדערן
**słaniać, osłonić,** באַדעקן,
פאַרשטעלן, פאַרהענגען; פאַרטיי-
דיקן, באַשיצן
**sławiać, osławić,** מאַכן באַ-
רימט; איבערגעטר. זין: באַרעדן, פאַר-
שוואַרצן, אָנרעדן לשון-הרע
**sławiony,** באַרימט געוואָרענער
אין פארקערטן זין
**słoda,** אָפּזיסונג ; איבערגעטר: זין:
טרייסטונג, לינדערונג
**słomuł,** מוילאייזל
**słona, obsłona,** צודעק, דעק;
פאָרהאַנג; באַשיצונג, פאַרטיידיקונג
**słoneczniać, osłonecznić**
באַזונען, באַשטראַלן
**słowaty,** אייזל-..., אייזלאַרטיקער;
נאַרישער
**słupiałość,** פאַרשטאַרונג, פאַר-
שטיינערונג, פאַרגליווערונג; דער-
שטוינונג, איבעררעשונג
**słupiały,** פאַרשטאַרטער, פאַר-
שטיינערטער, פאַרגליווערטער;
דערשטוינטער, איבעררעשטער,
געפּלעפטער
**słupić,** פאַרשטאַרן, פאַרשטיינערן,
פאַרגליווערן ; דערשטוינען, אי-
בעררעשן, פּלעפן
**słupieć,** ווערן פאַרשטאַרט, פאַר-
שטיינערט, פאַרגליווערט ; ווערן
דערשטוינט, איבעררעשט, גע-
פּלעפט, פאַרבליפט



**Osłyszeć się,** פאַרהערן, נישט
דערהערן
**Osmagać,** אָפּשמייסן, אָנשלאָגן
**Osmaganek,** מין פלאַטערל
**Osmalać, osmalić,** אַרומסמאַ-
ליען, אַרומברענען, אַרומקאָפּ-
טשען, אַרומסאַזשען
**Osmarkać,** פאַרסמאַרקען
**Osmarować, osmarowywać,** אַרומשמירן, באַשמירן
**Osmażać, osmażyć,** אַרומ-
פּרעגלען, אָפּפּרעגלען
**Osmętniać, osmęcić, osmętnić,** פאַראומעטיקן, פאַר-
אומערן, פאַרטרויערן
**Osmętniały, osmętniony,**
פאַראומעטיקטער, פאַראומערטער,
פאַרטרויערטער
**Osmętnica,** אומעטגייסט, טרויער-
גייסט; אומעט-פאַרקערפּערונג, או-
מעט-סימבאָל
**Osmętnieć,** ווערן פאַראומערט,
פאַרטרויערט, באַטריבט
**Osmoktać** אַרומסמאָטשקען; אַראָפּ-
טרינקען פון אויבן, אַראָפּזופּן
**Osmolić,** פאַרסמאָליען, באַשמוצן,
פאַרברודיקן, באַפלעקן
**Osmradzać, osmrodzić,**
אַרומשטינקען, פאַרעיפושן
**Osmucać, osmucić, osmutnić,** פאַראומעטיקן, פאַראומערן,
פאַרטרויערן
**Osmutniały,** פאַראומעטיקטער,
פאַראומערטער, פאַרטרויערטער
**Osmutnieć,** ווערן פאַראומעטיקט,
פאַראומערט, פאַרטרויערט
**Osmużać,** אָפּשינדן א האָזנפעל
**Osmyczyć, obsmyczyć,** קורץ
אָפּשערן; געווינען אין קאָרטן; אויס-
שמייסן, אָנשלאָגן
**Osmykać, obsmykać, osmukać,** אָפּצופּן, אָפּפליקן

**Osnowa,** גאַרן־פּאַסמע; פונדאַמענט, יסוד, גרונט; אינהאַלט, פּלאַן, אידעע, טעמע; שטאָף, מאַטעריאַל; וואָרטשטאַם; איבערגעטר. זין: פּאַסמע, סטענגע, ריי, שורה, ליניע

**Osnuć, osnuwać,** אַרומוויקלען, אַרומדרייען, אַרומפלעכטן; פּלאָנעווען, באַטראַכטן, אַנטוויקלען; לייגן אַ פונדאַמענט

**Osoba,** „אָסאָבע", פּערזאָן, פּאַרשוין, אינדיווידואום; własną o—ą — פּערזענלעך; główna o. — הויפּטפּערזאָן, העלד אין אַ פּיעסע, בוך אד״גל; zastawił własną o—ą — פאַרשטעלט מיטן אייגענעם קערפּער

**Osobistość,** פּערזענלעכקייט, אינדיווידואַליטעט

**Osobisty,** פּערזענלעכער, אינדיווידועלער, פּריוואַטער; interes o. — פּריוואַטער ענין; godność o—a — זעלבסטווירדע, זעלבסטחשיבות

**Osobiście,** פּערזענלעך, אינדיווידועל, פּריוואַט; דירעקט, אָן פאַרמיטלונג

**Osobliwie,** מערקווירדיק, אייגנאַרטיק, אָריגינעל, אויסערגעוויינלעך, אויסטערליש, מאָדנע; באַזונדערס, אויסנאַמיק, ספּעציעל; אויסגעצייכנט; פּריוואַט; אינדיווידועל; איינצעלן, דעטייל

**Osobliwość,** מערקווירדיקייט, אייגנאַרטיקייט, אָריגינעלקייט, אויסערגעוויינלעכקייט, אויסטערלישקייט, מאָדנעקייט, באַזונדערקייט, אויסגעצייכנטקייט; אינדיווידועלקייט; איינצלדיקייט, דעטיילקייט

**Osobliwy,** מערקווירדיקער, אייגנאַרטיקער, אָריגינעלער, אויסערגעוויינלעכער, אויסטערלישער, מאָדנער, באַזונדערער, אויסנאַמיקער, ספּעציעלער, אויסגעצייכנטער; פּריוואַטער; אינדיווידועלער; איינצלנער, דעטיילער

**Osobniczy,** פּערזענלעכקייט־..., פּערזענלעכער, אינדיווידועלער

**Osobnik,** פּערזאָן, פּאַרשוין, אינדיווידואום; עקזעמפּליאַר

**Osobno,** באַזונדער, אָפּגעזונדערט, אָפּגעטיילט; אַפּאַרט, איינזאַם, איינצל, אַליין

**Osobność,** באַזונדערקייט, אָפּגעזונדערטקייט, אָפּגעטיילטקייט; איינזאַמקייט

**Osobny,** באַזונדערער, אָפּגעזונדערטער, אָפּגעטיילטער; איינזאַמער, איינצלנער

**Osolić,** באַזאַלצן, אָפּזאַלצן; איבערגעטר. זין: באַרייסן

**Osowiałość,** אָמוטיקייט, נידערגעשלאָגנקייט, פאַראומערטקייט, פאַרזאָרגטקייט

**Osowiały,** מוטלאָזער, נידערגעשלאָגענער, פאַראומערטער, פאַרזאָרגטער

**Osowiec,** מין פלאַטערל

**Osowieć,** ווערן אָמוטיק, נידערגעשלאָגן, אַראָפּפאַלן ביי זיך

**Osóbka,** מענטשעלע, פּאַרשווינדל; נפשל, קינד; מיידעלע

**Ospa,** פּאָקן; קליינפּאַשע פאַר בהמות; szczepienie o—y — דאָס שטעלן פּאָקן

**Ospale,** פאַרשלאָפן, פויל, קריכעריש, אַפּאַטיש

**Ospalec,** פאַרשלאָפענער פוילער מענטש; ליידיקגייער, פוסטעפּאַסניק

**Ospałość, ospalstwo,** פאַרשלאָפנקייט, פוילקייט, קריכערישקייט; ליידיקגייערײ

**Ospały,** פאַרשלאָפענער, פוילער; ליידיקגייערישער; אַפּאַטישער

**Ospowacieć**, ווערן געפּאָקט, גע־
שטופּלט
**Ospowatość**, געפּאָקטקייט, גע־
שטופּלטקייט
**Ospowaty**, געפּאָקטער, געשטופּל־
טער; אין ליטע: „ראַבער"
**Ospowy**, פּאָקנ־..., פּאָק:דיקער
**Osrebrzać, osrebrzyć**, אַרומ־
זילבערן, באַזילבערן
**Osromocać, osromocić**, מבזה
זיין, שענדן, שטעלן בחרפּה
**Osrożać**, אויפרייצן, אויפרעגן,
אויפהעצן
**stać**, בלייבן, איבערבלייבן, פאַר־
בלייבן; —ostańcie z Bogiem
געזעגנוואונש: פאַרבלייבט געזונט, זייט
געזונט
**stalić**, באַשטאָלן; איבערגעטר. זין:
פאַרהאַרטעווען
**starzeć się**, זיך פאַרעלטערן
**statecznie**, צולעצט, סוף־כּל־
סוף, לסוף, ענדלעך, שליסלעך;
ענדגילטיק, אַנטשיידן; איבעריקנס
**stateczność**, ענדלעכקייט,
שליסלעכקייט; ענדגילטיקייט, אַנט־
שיידנקייט; עקסטרעמקייט; איבער־
געטריבנקייט, גוזמה
**stateczny**, ענדלעכער, שליס־
לעכער, ענדגילטיקער, אַנטשיי־
דענער; עקסטרעמער; — sąd o.
דער לעצטער משפּט
**statek**, רעשטל; איבערבלייבעכץ,
—gonić o—iem sił טרייבן מיט
די לעצטע כּוחות; o—i ze
stołu—שיריים, שפּייזרעשטלעך;
עק, סוף, ענדע; przyjść na
o—ku — קומען צום סוף; do
o—a—פולשטענדיק, גענצלעך,
ביזן סוף; na o.—ביים סוף, לסוף,
ענדלעך; איבעריקנס
**statni**, לעצטער; o—a wola—
לעצטער חילן; געמיינט: צוואה





o—a posługa — הלוית־המת;
— chodzi o o—ich nogach
שטייט קוים אויף די פיס; געמיינט:
אויסציען די פיס, שטאַרבן;
walczyć do o—go — קעמפן
ביזן לעצטן טראָפּן בלוט; איבער־
געטר. זין: ערגסטער
**Ostatnio**, לעצטנס, אין דער לעצ־
טער צייט
**Ostemplować**, אָפּשטעמפּלען
**Ostęp**, אַרומקרייזונג; וואַלדגעדיכ־
טעניש, געדיכטע וואַלדקוסטעס;
גרויסער וואַלד אויף א זומפּיקן באָדן
**Ostjarjusz**, טויערוועכטער, טיר־
שומר; נידעריקסטע גלחים־מדרגה
**Ostka**, ביינדל פון א פיש; מין ווייצן־
תבואה
**Ostnica**, פעדערגראָז, מין געוויקס
**Ostoja**, קליינער פּאָרט, לאַנדונגס־
פּלאַץ; איבערגעטר. זין: יסוד, פונ־
דאַמענט, שטיצפּונקט, גרונט;
שוצאָרט, שוצהיים
**Ostokrzew**, מין פּאַלמעגעוויקס
**Ostrawy**, שאַרפלעכער
**Ostrężnica, ostrężyna**,
שוואַרצע מאַלינע
**Ostro**, שאַרף, שאַרפשפּיציק,
שטעכיק; שטרענג; האַסטיק,
העפטיק, ענערגיש, דרייסט, לע־
בעדיק, רירעוודיק, זשוואַווע;
— nabić broń o. אָנלאָדן די
ביקס מיט קוילן; trzymać ko-
go o. — האַלטן שטרענג; איבער־
געטר. זין: שטויס, שטויסקראַפט
**Ostrogarz**, שפּאָרנמאַכער
**Ostrokańczasty**, שאַרפקאַנטי־
קער, שאַרפווינקלדיקער
**Ostrokąt**, שאַרפעק, שפּיצווינקל
**Ostrokątny**, שאַרפעקיקער, שאַרפ־
ווינקלדיקער
**Ostrokolczasty**, שאַרפשטעכי־
קער, שאַרפשפּיציקער

**Ostrokończasty,** שאַרפעקיקער, שאַרפשפּיציקער

**Ostrokościsty,** שאַרפביינערדיקער; אויסגעמאָגערטער, אויסגעדאַרטער

**Ostrokół,** שטעכיקער פּלויט, פּאַליסאַדע

**Ostrokrąg,** פּיראַמידע, געאָמעטרישע פיגור

**Ostrokręgowy,** פּיראַמידאַלער

**Ostrokrzew,** שטעכפּאַלמע

**Ostrokwaśny,** שאַרפזויערער

**Ostrolotka,** מין ים-פּיש; ים-שוואַלב

**Ostrołuk,** שאַרפבויגן, שפּיצבויגן, גאָטישער בויגן

**Ostrołukowy,** שאַרפבויגנדיקער, שפּיצבויגנדיקער; sklepienie o—e — גאָטישער געוועלב; styl o. — שאַרפבויגנדיקער סטיל, גאָטישער סטיל

**Ostromlecz,** וואָלפמילך, וואָלפמילך, מין געוויקס

**Ostronos,** נאָז-חיה, מין בער

**Ostronosy,** שאַרפנאָזיקער; שאַרפשנאָבלדיקער

**Ostrooki,** שאַרפאויגיקער

**Ostrosłup,** פּיראַמידע, געאָמעטרישע פיגור; o. ścięty — אָפּגעהאַקטע פּיראַמידע; קלאָץ

**Ostrosłupowy,** פּיראַמידאַלער

**Ostrość,** שאַרפקייט, שאַרפשפּיציקייט, שטעכעדיקייט; שטרענגקייט; האַסטיקייט, העפטיקייט, ענערגישקייט; מוטיקייט, לעבעדיקייט, רירעוודיקייט

**Ostrośpiczasty,** שאַרפשפּיציקער, שאַרפעקיקער

**Ostrouszek,** מין יאַגדהונט

**Ostrowidz,** לוקס, מין בלוטדורשטיקע חיה; שאַרפזעעוודיקער

**Ostrowisko,** אינזלגרופּע, אַרכיפּעלאַג





**Ostrowłosy,** שפּיצהאָריקער

**Ostrożkówka,** מין פלאַטערל

**Ostrożnie,** פאָרזיכטיק, אויפמערקזאַם, פּאַוואָליע; דעליקאַט, איידל; שרעקעוודיק, אומזיכער

**Ostrożnieć,** ווערן פאָרזיכטיק, אויפמערקזאַם

**Ostrożniś,** פאָרזיכטיקער, אָפּגעהיטער מענטש

**Ostrożność,** פאָרזיכטיקייט, אויפמערקזאַמקייט, אָפּגעהיטקייט; דעליקאַטקייט, איידלקייט; שרעקעוודיקייט, אומזיכערקייט

**Ostrożny,** פאָרזיכטיקער, אויפמערקזאַמער, אָפּגעהיטער; דעליקאַטער, איידעלער; שרעקעוודיקער, אומזיכערער

**Ostróg,** פּאַליסאַדע, שטעכיקער פּלויט; פעסטונג, פעסטונגשלאָס, באַשטע; אָסטראָג, תפיסה, טורמע

**Ostrów,** טייכאינזל, אָזיערעאינזל; געדיכט-באַוואַקסענער אינזל; פּאַליסאַדע, שטעכיקער פּלויט

**Ostróżka,** קליינער שפּאָרן; ריטערשפּאָרן; מין געוויקס; מין קאָרנקראַנקהייט

**Ostrubka,** פּיבערשוידער, פּיבערקעלט

**Ostruda,** מין גראָז

**Ostrugać, obstrugać,** אַרומשאָבן, אַרומשניצן, אַרומשלייפן

**Ostrużyny,** סטרוזשקעס, אָפּשניצלעך, העבלשפּענדלעך, „וויורעס"

**Ostry,** שאַרפער, שאַרפשפּיציקער, שטעכעדיקער; דורכדרינגלעכער; שטרענגער; האַסטיקער, העפטיקער, געוואַלדיקער; מוטיקער; רירעוודיקער, זשוואַווער; o. na powierzchni — רייביקער, קראַציקער, ראַציקער, שאָרסטקער; גראָדער, גראָדוועגטיקער; שיפּער, משופּעדיקער; o. krzyk — שאַר-

פער געשריי; o. smak —זויערער
טעם; o. dowcip — ביסיקער
שאַרפזיניקער וויץ; o—a zima—
האַרבער ווינטער; o. ładunek—
קוילנלאָדונג; o. kąt—שאַרפעק,
שפּיצעק, שאַרפווינקל, שפּיצ-
ווינקל; o—e pole — פאַרפרוי-
רענער באָדן; na o—e z kim
gonić—זיך פעכטן מיט שפּיצי-
קע שווערדן געמיינט: זיין אויף
שטעכמעסער

**Ostryga,** אויסטער, מין ים-פיש

**Ostrygojad,** אויסטערפרעסער, מין פייגל

**Ostrze,** שאַרף, שאַרפער קאַנט; שאַרפע זייט פון אַ געצייג; שפּיץ; o. noża — שפּיץ מעסער

**Ostrzegacz,** וואָרענער, התראה-געבער; מין וואָרנאַפּאַראַט

**Ostrzegać, ostrzec,** וואָרענען, מתרה זיין

**Ostrzegawczy,** וואָרנ-..., התראה-..., וואָרנדיקער, התראה-דיקער

**Ostrzeliwać, ostrzelać, ostrzelić,** באַשיסן, אַרומשיסן; צוגעוווינען צו שיסעריי, פאַר-האַרטעווען אין קאַמף

**Ostrzenie,** שלייפונג, שאַרפונג

**Ostrzeń,** הונטצינגל, מין געוויקס

**Ostrzew,** מין לייטער מיט טרעפּ-לעך פון ביידע זייטן

**Ostrzeżenie,** וואָרענונג, התראה

**Ostrzępić, obstrzępić,** אָנ-בלאָזן, אָנשפּיצן, אָננאָדלען; אָנ-כמורען, אָנדרודלען; אַרומהאַקן די קאַנטן, אַרומטעפּען

**Ostrzyc,ostrzygać,** אַרומשניידן; o. włosy—אַרומשערן, אָפּשערן די האָר

**Ostrzyca,** ענגליש גראָז, מין געוויקס

**Ostrzyć,** שאַרפן, שלייפן; איינאַיבן,





איינאַרבעטן; o. miecz przeciw
komu—ש. ייפן קעגן עמעצן דעם
שווערד געמיינט: זיך גרייטן צום
קאַמף מיט עמעצן; o. zęby —
שאַרפן די ציין געמיינט: האָבן
אַפּעטיט, וועלן באַרויבן

**Ostrzygać, obstrzygać, ostrzyc, obstrzyc,** אַרומ-שניידן, אָפּשניידן; אַרומשערן

**Ostrzyn,** מין אינגביר-געוויקס

**Ostrzyżek,** אָפּגעשניטן שטיקל, אָפּשניט, אָפּשניצל, שניט-רעשטל; איבערגעטר. זין: כאַבאַר, שוחד, לאַפּואווקע

**Ostrzyżyny,** שער-פייערונג, האָר-אָפּשערונג, צערעמאָניע ביי די אַלטע סלאַווון

**Ostuda,** אָפּקילונג, פאַרקעלטערונג, פאַרפרירונג; איבערגעטר. זין: אָפּ-געקילטקייט, גלייכגילטיקייט, אָפּ-געלאָשנקייט; אומאָנגענעמלעכ-קייט, זאָרג, דאגה; קריגעריי

**Ostudzać,** אָפּקילן, אָפּלעשן

**Ostudzony,** אָפּגעקילטער, אָפּ-געלאָשענער

**Ostukać, ostukiwać,** אַרומ-קלאַפּן; אונטערזוכן; o. chore-go — אונטערזוכן אַ קראַנקן

**Ostygać, ostygnąć,** ווערן אָפּ-געקילט, פאַרגליווערט; איבערגעטר. זין: ווערן גלייכגילטיק; już po nim miejsce o—ło—דאָס אָרט האָט זיך שוין נאָך אים אָפּגעקילט געמיינט: ער איז שוין לאַנג נישטאָ

**Ostygły,** אָפּגעקילטער, פאַרגלי-ווערטער, פאַרשטאַרטער; איבער-געטר. זין: אָפּגעלאָשענער, גלייכ-גילטיק געוואָרענער

**Osucie,** קלייען; דורכגעשאָטענע געבייטלטע תבואה אָד. מעל; לייב-אויסשיט, הויט-אויסשיט; קרעץ, לישאַי

**Osuć,** | באַשיטן, אָפּשיטן, אַרומשי׳

**Osunąć, obsunąć,** אַראָפּרוקן, אַראָפּשאַרן, אַראָפּשלעפּן, אַראָפּציען; **o. się** — פּאַמעלעך זיך אַראָפּשאַרן; זיך אָפּרייסן; זיך אויסגליטשן

**Osuszać, osuszyć,** אַרומטרי־קענען, אויסטריקענען; אַנט־וואַסערן; **o. łzy** — אויסווישן די טרערן נעמיינט: זיך טרייסטן; איבערגעטר. זין: **o. kogo** — עמעצן אויסטריקענען נעמיינט: אויסנוצן, אַרויסציען די פּאָר גראָשן

**Osuszki,** קרישלדיקע קיכעלעך, פּלעצעלעך

**Osutka,** לייבאויסשיט, הויטאויסשיט; זומערשפּרענקלעך; ביימערפּאָקן, מין ביימערקראַנקהייט

**Osuwać, obsuwać, osunąć, obsunąć,** אַראָפּרוקן, אַראָפּ־שאַרן, אַראָפּשלעפּן, אַראָפּציען; **o. się** — פּאַוואָליע זיך אַראָפּשאַרן; זיך אָפּרייסן; זיך אויסגליטשן

**Oswabadzać, oswobodzić,** באַפרייען, אויסלייזן, דערלייזן

**Oswajać, oswoić,** פאַראייגענען, פאַרהיימישן, צוגעוויינען; צוימען, באַהערשן חיות

**Oswędzać, oswędzić,** אַרומ־גריזשען, אַרומקראַצן; אַרומסמאַ־ליען, אַרומברענען, אַרומבראָטן

**Oswobodziciel,** באַפרייער, אויסלייזער, דערלייזער

**Oswojony,** פאַראייגנטער, פאַר־היימישטער, צוגעוויינטער; באַ־קאַנטער, באַהאַוונטער, געניטער, אָריענטירטער; געצוימטער, באַ־הערשטער וועגן חיות

**Osychać, oschnąć,** אַרומטרי־קענען, צוטריקענען; ווערן פאַר־וועלקט, פאַרוויאַנעט

**Osyp,** אָפּגעשאָטענע פּאַשע פאַר בהמות; פּאַשע־קערנער; פּאַשע־שטייער

**Osypka,** אָפּגעשאָטענע פּאַשע פאַר בהמות; פּאַשע־שטייער; הויט־אויסשיט; מין סאָסנע־קראַנקהייט

**Osypywać, osypać,** אַרומשיטן, באַשיטן, אָנשיטן; **—o. pieprzem** באַפעפערן; **— o. cukrem** באַ־צוקערן; **—o. się** זיך אַראָפּשיטן, אַראָפּשאַרן, אַראָפּגליטשן; זיך אָפּ־רייסן, אָפּפליקן

**Osysać, ossać,** אַרומזויגן, אָפּ־סמאָטשקען, אויססמאָטשקען

**Osysek,** זויגקינד, זויגלינג

**Oszachrować,** באַ־פאַרשאַכערן, באַ־שווינדלען, אָפּנאַרן, פאַרפירן

**Oszacować,** אָפּשאַצן, אָפּטאַקסירן

**Oszadzieć,** ווערן באַדעקט מיט טויגעפריר; ווערן גרוי

**Oszalać, oszalić,** מאַכן משוגע, פאַרריקט, צעווילדעוועט

**Oszalały,** משוגענער, פאַרריקטער, וואַנזיניקער, צעווילדעוועטער

**Oszaleć,** ווערן משוגע, פאַרריקט, צעווילדעוועט

**Oszalować,** אַרומשלאָגן, באַ־שלאָ | מיט ברעטער

**Oszałamiać, oszołomić,** פאַרטויבן, פאַרהילכן; באַרוישן, פאַרשיכורן; איבעררעשן, פאַר־בליפן; פאַררעדן, פאַרשלייערן, פאַ־פלאָנטערן

**Oszamerować,** באַשלאָגן, אַרומ־נייען; באַרעדן, פאַרשוואַרצן

**Oszańcować,** אַרומשאַנצן; אַרומ־שיטן ביי א באלאגערונג

**Oszargać,** אַרומסאַרגען, באַשפּריצן, פאַרבלאָטיקן, פאַרשמוצן

**Oszarpać, oszarpywać,** אַרומרייסן, אַרומפליקן

**Oszarpanie,** אָפּגעריסן־אָפּגע־שליסן, קרועה־בלואה

**Oszarzeć,** ווערן גרוי; אָפּקריכן, אָפּשיסן ◦ זרב, גלאנץ אדנ"ל

**Oszastać,** גיך אָפּשניידן, אָפּהאַקן

**Oszczekać, oszczekiwać,** אַרומבילן; איבערגעטר. זין: באַרעדן, פאַרשוואַרצן

**Oszczenić się,** זיך אָפּציגלען, געבוירן הינטלעך

**Oszczep,** שפּיז, יעגערשפּיז; פישערגאָפּל; מין קעז

**Oszczepek,** מין שאָפקעז

**Oszczepisko,** שפּיזהאָלץ, שפּיז-הענטל

**Oszczepisty,** באַשפּיזטער

**Oszczepnik,** שפּיזטרעגער

**Oszczerca,** פאַרשוואַרצער, באַרעדער, רכילותניק; אָפּשפּעטער, חוזקמאַכער; מסור

**Oszczerczy,** רכילות-..., לשון-הרע-..., רכילותדיקער, לשון-הרעדיקער; אָפּשפּעטנדיקער

**Oszczerstwo,** פאַרשוואַרצונג, באַרעדונג; רכילות; מסירה; בלבול, שם-רע; אָפּשפּעטונג

**Oszczędnie,** שפּאַרזאַם, שפּאָרעוודיק, באַרעכנט, אויסגערעכנט; קאַרג, באַשיידן

**Oszczędnościowy,** שפּאָר-..., kasa o—a —שפּאָרקאַסע; kasa o—o-pożyczkowa —שפּאָר און לייקאַסע

**Oszczędność,** שפּאָרזאַמקייט, שפּאָרעוודיקייט, אויסגערעכנטקייט; קאַרגקייט, באַשיידנקייט; o—ci אָפּגעשפּאָרט געלט; kasa o—ci —שפּאָרקאַסע

**Oszczędny,** שפּאָרזאַמער, שפּאָרעוודיקער, אויסגערעכנטער, קאַרגער, באַשיידענער

**Oszczędzać,** שפּאָרן, זיין שפּאָרזאַם, אויסגערעכנט; שאַנעווען געזונט, כוחות אדנ"ל; קאַרגן

**Oszczykiwać, oszczyknąć,** אָפּרייסן, אָפּפליקן, אָפּצופּן, אָפּקנייפּן

**Oszczypywać, obszczypywać, oszczypać, obszczypać,** אַרומקנייפּן, אָפּקנייפּן, אַרומרייסן, אַרומפליקן, אַרומצופּן

**Oszedziały,** באַדעקטער מיט טוי-געפּריר

**Oszelmować, obszelmować,** אַרומרייסן, אַרומפליקן, אַרומצופּן; אַרומשניידן, אַרומהאַקן; איבערגעטר. זין: אָפּנאַרן, באַשווינדלען

**Oszewka,** אַרומנייונג, אַרומזוימונג

**Oszkalować,** פאַרשוואַרצן, באַרעדן, אַרויסלאָזן אַ שם-רע

**Oszkapić się,** זיך פאַרגאַפּען, פאַרקוקן

**Oszkaradzać, oszkaradzić,** פאַרמיאוסן, פאַרהעסלעכן, פאַרנבזהן; פאַרשוואַרצן, באַרעדן

**Oszklić,** באַגלאָזן, אַריינשטעלן שויבן; o. łzami oczy — פאַרשטעלן די אויגן מיט טרערן

**Oszlachcić,** פאַראיידלען, פאַראַדלען

**Oszlakować,** אַרומלייגן מיט אַ שלאַק, אַרומליאַמעווען

**Oszlifować, obszlifować,** אַרומשלייפן, אַרומגלעטן, אַרומפּאָלירן; איבערגעטר. זין: צוגעוויינען צו געזעלשאַפט, אויסמענטשלעכן

**Oszmanić,** אָפּנאַרן, באַשווינדלען, פאַרפירן

**Oszmulać,** פאַרשמוצן, פאַרברודיקן, באַפלעקן; אָפּרייבן, אָפּמעקן, אָפּקראַצן

**Osznurować,** אַרומשנורעווען, באַשנורעווען

**Oszołomny,** פאַרטויבנדיקער; באַרוישנדיקער, פאַרשיכורנדיקער; איבערראַשנדיקער

**Oszpecać, oszpecić, oszpetnić,** פארדעסלעכן, פארמיאוסן, פארנבזהן; באפלעקן

**Oszpecony,** פארהעסלעכטער, פארמיאוסטער, פארנבזהטער; באפלעקטער; צעהאקטער, צעהורגטער פון א שניט

**Oszpetnieć,** ווערן העסלעך, מיאוס, נבזהדיק

**Oszpilać, oszpilić,** ארומשפיליען, ארומשפילקעווען

**Oszrankować,** באשרענקען, באגרענעצן; אפגרענעצן, אפצוימען

**Oszroniały,** באדעקטער מיט טויגעפריר; איבערגעטר. זין: גרוי געווארענער

**Oszronić,** באדעקן מיט טויגעפריר; איבערגעטר. זין: מאכן גרוי

**Oszronieć,** ווערן באדעקט מיט טויגעפריר

**Osztachetować,** ארומצוימען מיט שטאכעטן

**Osztachetowanie,** שטאכעטן־ארומצוימונג; צוים, פלויט, פארקאן

**Osztorcować,** ארומהעבליעווען, אפהעבליעווען

**Oszturchać, obszturchać, oszturgać,** ארומשטורכען, ארומבוכצען

**Osztychlować,** ארומשטעכן, ארומנייען, ארומשטעפן

**Oszukać,** באשווינדלען, אפנארן, פארפירן; o. się — זיך אפנארן; זיך אנטטוישן

**Oszukaniec, oszukanica,** שווינדלער(ין), ליגנער(ין), פארפירער(ין)

**Oszukańczy,** שווינדלערישער, גענארערישער, פארפירערישער, ליגנערישער

**Oszukaństwo, oszustwo,** שווינדלעריי, באטריגעריי, אפנארעריי, פארפירעריי, ליגנעריי, שאכעריי

**Oszukiwać, oszukać,** באשווינדלען, אפנארן, פארפירן, פארשאכערן

**Oszust,** שווינדלער, באטריגער, ליגנער, פארפירער, שאכערער, מאכליאר

**Oszustka,** שווינדלערין, ליגנערין, פארפירערין, שאכערקע, שאכערייקע, מאכליארקע

**Oszustowski,** שווינדלער..., ליגנער..., שווינדלערישער, ליגנערישער, פארפירערישער

**Oszwabiać, oszwabić,** אפנארן, באשווינדלען

**Oszwarcować,** פארשווארצן, בארעדן; אפשווארצן מיט פארב אדג"ל

**Oszydzać,** אויסלאכן, אפשפאטן, אפחוזקן

**Oszyjek,** האלדראנד; האלזפלייש, נאקנפלייש פון אן אקס, קאלב אדג"ל; שמאלער דורכגאנג

**Oś,** אקס, וואגנאקס; sprowadzać na osi — ברענגען צו פירן מיט דער אקס געמיינט: מיט א וואגן

**Ościany,** ביינ..., ביינערנער, ביינערדיקער פון א פיש; שטאכלדיקער, דארנדיקער

**Ościca,** מין גראז

**Ościennik,** שכן, וואנט־שכן

**Ościenny,** שכנותדיקער

**Oścień,** טרייבשטעקן, אנטרייבשטאק; איבערגעטר. זין: שטויסקראפט, וועקקראפט; פישערגאפל

**Ościeź,** דרויסנלאך אין א פענסטער, טיר אדג"ל; na o. — אויפגעפראלט אין דער גאנצער ברייט

**Ościgla,** מין ליליעגעוויקס

**Ościowy,** ביינ..., שטאכל..., דארנ...; ביינערדיקער, שטאכלדיקער, דערנערדיקער

**Ościsty,** ביינערדרייכער פיש; שטאַכל־רייכער, דערנערדרייכער

**Ość,** פ שביינדל; שטעכלקע, דאָרן; פליעווע, מעקענע; דראָטנבאַרשט; — o. u kłosów זאַנגענוואָנסן; — o. rybacka פישערגאָפל

**Oślak,** אייזעלע, יונגער אייזל; איבערגעטר. זין: נאַריש טעמפ יינגל

**Oślarnia,** אייזלשטאַל

**Oślarz,** אייזלטרייבער, אייזלפאַסטוך

**Oślątko,** אייזעלע, אייזלקינד

**Oślep, na oślep,** בלינדערהייט, אויף בלינד

**Oślepiać, oślepić,** מאַכן בלינד; פאַרבלענדן; איבערגעטר. זין: פאַר־מאַניען, פאַרנאַרן

**Oślepieniec,** בלינדער; איבערגעטר. זין: פאַרבלענדטער

**Oślepły,** בלינד געוואָרענער

**Oślepnąć,** ווערן בלינד

**Ośli,** אייזלשער; אייזל־...; o—a skóra — אייזלפעל, פאַרמעט; — o—a ławka אייזלבאַנק, באַנק פאַר די ערגסטע שילער אין קלאַס; — o—e uszy אייזלאויערן

**Oślica,** אייזלטע, אייזליכע

**Ośliniać, oślinić,** באַשפייען, באַגאַווערן; איבערגעטר. זין: אויסקושן אַלע גלידער

**Oślisko,** גרויסער מיאוסער אייזל; איבערגעטר. זין: גרויסער נאַר

**Oślizgany,** אויסגעגליטשיקטער; אויסגעגלעטיקטער

**Oślizgiwać się,** זיך אַראָפּ־גליטשן; זיך אַראָפּרוקן, אַראָפּ־שאַרן; ווערן גליטשיק, גלאַט

**Ośliznąć, obśliznąć, oślizgnąć, obślizgnąć,** מאַכן גליטשיק; אויסגלעטן; — o. się זיך אַראָפּגליטשן

**Oślizgły,** אויסגעגליטשיקטער

**Ośm, osiem,** אַכט (8)





**Ośmiał,** וואַקסבלום

**Ośmielać, ośmielić,** מאַכן דרייסט, צוגעבן מוט; — o. się זיך דערוועגן, וואַגן, פועלן ביי זיך

**Ośmieszać, ośmieszyć,** מאַכן לעכערלעך, מאַכן צום נאַר; — o. się זיך מאַכן לעכערלעך

**Ośmiewać, ośmiać,** אויסלאַכן, אָפשפאָטן, אָפחוזקן

**Ośmioboczny,** אַכטזייטיקער

**Ośmiobok,** אַכטזייטיקע פיגור, אַכטעק

**Ośmiodniowy,** אַכטטאָגיקער

**Ośmiofuntowy,** אַכטפונטיקער

**Ośmiogłosowy,** אַכטשטימיקער, אויף אַכט שטימען

**Ośmiogodzinny** אַכטשעהדיקער

**Ośmiograniasty,** אַכטעקיקער, אַכטווינקלדיקער

**Ośmiokątny,** אַכטקאַנטיקער, אַכטווינקלדיקער

**Ośmioklasista,** שילער פון 8־טן קלאַס

**Ośmioklasowy,** אַכטקלאַסיקער

**Ośmiokrotnie,** אַכטפאַכיק,

**Ośmiokrotny,** אַכטפאַכיקער, אַכטמאָליקער

**Ośmiolatek,** אַכטיאָריקס

**Ośmiolecie,** אַכטיאָריקער צייט־פאַרלויף

**Ośmiołokciowy** אַכטאיילנדיקער

**Ośmiomiesięczny** אַכטחדשים־דיקער, אַכטמאָנאַטיקער

**Ośmiomilowy,** אַכטמייליקער

**Ośmiopiętrowy** אַכטשטאָקיקער

**Ośmioprocentowy,** אַכטפראָ־צענטיקער

**Ośmiopunktowy,** אַכטפונקטי־קער שריפט פעטיט־שריפט

**Ośmioraki,** אַכטאַרטיקער, אַכט־מיניקער, אַכטערלייאיקער; o. rym — אָקטאַווי

**Ośmiorako,** אַכטאַרטיק, אַכט-מיניק, אַכטערליי

**Ośmiornasób,** אַכטפֿאַכיק, אַכט-מאָליק

**Ośmiornica,** אַכטפֿוס, מין חיה

**Ośmioro,** אַכט זאַלבעאַכט פֿרויען מיט מאנםלייט

**Ośmiorogi,** אַכטהערנערדיקער

**Ośmioskrzydłowy,** אַכטפֿליגל-דיקער

**Ośmiosłupowy,** אַכטזייליקער

**Ośmiościan,** אַכטעק; אַכטווענ-טיקע געאָמעטרישע פּיראַמידע

**Ośmiościenny,** אַכטווענטיקער

**Ośmiotomowy,** אַכטבענדיקער

**Ośmiotygodniowy,** אַכטוואָכנ-דיקער

**Ośmiotysięczny,** אַכטטויזנט-סטער, אַכטטויזנדיקער

**Ośmiowiadrowy,** אַכטעמערדי-קער, פֿון אַכט עמער

**Ośmiowieczny** אַכטדורותדיקער

**Ośmiowiersz,** אַכטפֿערזיקער סטראָף

**Ośmiowiosłowy,** אַכטרודערדי-קער, פֿון אַכט רודער

**Ośmiowiosłówka,** אַכטרודער-שיפֿל

**Ośmiozgłoskowy,** אַכטזילבע-דיקער, אַכטטראַפּיקער

**Ośmiu,** אַכט מאנסלייט

**Ośmiuset,** אַכטהונדערט מאנסלייט

**Ośmnasty, osiemnasty,** אַכצנטער

**Ośmnaście, osiemnaście,** אַכצן (18)

**Ośnieżać, ośnieżyć,** באַשנייען, פֿאַרשנייען; איבערגעטר. זין: באַ-גרויען, מאַכן גרוי

**Ośnik,** מין שניצמעסער

**Ośny, osiowy,** אַקס-..., אַקסענער

**Ośpianka,** מין פּאָקנקראַנקהייט





**Ośpica, ospa,** פּאָקן, פּאָקנקראַנק-הייט אנשטעקנדיקע קראנקהייט

**Ośpiewać, ośpiewywać,** באַזינגען, זינגען אַ לויבגעזאַנג

**Ośrodek,** מיטן, צענטער, מיטל-פּונקט; — o. chleba ווייכער ברויטטייל

**Oświadamiać, oświado-mić,** מאַכן באַוואוסטזיניק, אויפֿ-קלערן, באַקענען

**Oświadczać, oświadczyć,** דערקלערן, מעלדן, מודיע זיין, באַקאַנטמאַכן; אַנטדעקן, אַנט-פּלעקן; אויסזאָגן, פֿאַרציילן; o. się za... זיך אָננעמען פֿאַר...; o. się o kogo—זיך דערקלערן אין ליבע, בעטן די האַנט

**Oświadczyny,** ליבע-דערקלערונג

**Oświadomić,** מאַכן באַוואוסטזי-ניק, אויפֿקלערן, באַקענען

**Oświata,** באַלויכטונג; אויפֿקלע-רונג, בילדונג, ציוויליזאַציע, קולטור; — ministerjum o—y בילדונגסמיניסטעריום; o. ludo-wa — פֿאָלקסבילדונג

**Oświecać, oświecić,** באַ-לויכטן; אויפֿקלערן, מאַכן באַ-וואוסטזיניק

**Oświecenie,** באַלייכטונג; אויפֿ-קלערונג, אויסבילדונג

**Oświecić,** באַלייכטן; אויפֿקלערן, אויסבילדן, אויסציוויליזירן

**Oświecony,** ליכט-..., אויפֿקלע-רונגס-..., בילדונגס-...; באַלויכ-טענער, אויפֿגעקלערטער, אויס-געבילדעטער; — jaśnie o. פֿירשטנטיטל

**Oświetlać, oświetlić,** באַ-לייכטן, אילומינירן, אָנצינדן; אויפֿקלערן, אויסבילדן, מאַכן באַ-וואוסטזיניק

**Oświetlenie,** באַלייכטונג, אילו-

מינירונג, אָנצינדונג; לייכטשטאָף, לייכטמיטל; אויפקלערונג, אויסבילדונג; דערקלערונג

**Oświetlić,** באַלייכטן, אילומינירן, אָנצינדן; אויפקלערן, אויסבילדן; דערקלערן, פאַרטייטשן

**Oświeżać, odświeżać, oświeżyć, odświeżyć,** אָפּפרישן, דערפרישן, באַנייען, פאַריינגערן, באַלעבן, אויפמונטערן, קרעפטיקן

**Oświeżeć, odświeżeć,** ווערן אָפּגעפרישט, באַנייט, באַלעבט, אויפגעמונטערט

**Oświęcać, oświęcić,** באַשפּריצן מיט הייליק וואַסער ^בײַ קריסטן^; הייליקן פאַר אַ גלח

**Oświnić,** פאַרחזירן, פאַרשמוצן, פאַרברודיקן, אָנפּאַטשקען, אָנפּאַסקודיען

**Otaczać, otoczyć,** אַרומטאָקן, אַרומגלעטן, אַרומטשעשען, אַרומשלייפן, אַרומשאַרפן; אַרומרינגלען, אַרומקרייזן, אַרומנעמען; אַרומשפּרינגען, אַרומכאַפּן

**Otaflować,** באַדעכן מיט טאָוולען, טאַפליעס

**Otagra,** אויערן־אַרטרעטיזם

**Otaksować,** אָפּטאַקסירן, אָפּשאַצן

**Otamować,** אַרומטאַמעווען, אַרומדאַמבעווען

**Otańcować, obtańcować, otańcowywać, obtańcowywać,** אַרומטאַנצן

**Otapiać, obtapiać, otopić, obtopić,** אַרומשמעלצן

**Otarasować,** אַרומרינגלען מיט אַ טעראַסע; אַרומבאַריקאַדירן; באַוואָרענען אַ פעסטונג

**Otarcie,** אָפּרייבונג, אָפּמעקונג, אָפּקראַצונג; ^איבערגעטר. זין:^ אויסשלייפונג, אויסמענטשלונג



**Otargać, obtargać,** אַרומרייסן, אַרומפליקן, אַרומצופּן; ^איבערגעטר.־זין:^ אויסגלעטן, אויסמענטשלען, אויסשלייפן, פאַרהיימישן

**Otarganiec,** אָפּגעריסענער יונג, לומפּ, שלומפּ, קרועה־בלואהניק

**Otargnąć,** טאָן אַ ריס, אַ פליק, אַ צופּ

**Otarty,** אָפּגעריבענער, אָפּגעמעקטער, אָפּגעקראַצטער; אויסגעשליפענער, אויסגעמענטשלטער, פאַרהיימישטער, צוגעוווינטער

**Otaśmować,** אַרומסטענגען, אַרומנייען מיט אַ בענדל

**Otawa,** פריש גראָז אויף אַ אָפּגעקאָשעטער לאָנקע; הערבסט־היי

**Otawić się,** זיך צעגרינען, צעבליען

**Otąg,** מין קאַקטוסגעוויקס

**Otchłaniowy, otchłanny,** אָפּגרונט־..., תהום־..., אָפּגרונטיקער, תהומיקער; גרונטלאָזער; אומדערגרונטעוועטער

**Otchłań,** אָפּגרונט, תהום

**Otchnąć,** באַהויכן, באַאָטעמען

**Otęczać,** אַרומרינגלען מיט אַ רעגנבויגן

**Otępiałość,** פאַרטעמפּטקייט, פאַרשטומפּיקטקייט, אומרירעוודיקייט, גלייכגילטיקייט

**Otępiały,** פאַרטעמפּטער, פאַרשטומפּיקטער, אומרירעוודיקער, גלייכגילטיקער, אינדיפערענטער

**Otępić,** פאַרטעמפּן, פאַרשטומפּיקן; מאַכן אומרירעוודיק, גלייכגילטיק

**Otępieć,** ווערן פאַרטעמפּט, פאַרשטומפּיקט, אומרירעוודיק, גלייכגילטיק, אינדיפערענט

**Otępienie,** פאַרטעמפּונג, פאַרשטומפּיקונג

**Otężać, otężyć,** פאַרפעסטיקן, פאַרשטייפן

**Otężałość,** פאַרפעסטיקטקייט; פאַרשטייפטקייט, פאַרגליווערטקייט, פאַרשטיינערטקייט, פאַרשטאַרטקייט

**Otężały,** פאַרפעסטיקטער; פאַרשטייפטער, פאַרגליווערטער, פאַרשטאַרטער, פאַרשטיינערטער

**Otężeć,** ווערן פאַרשטייפט, פאַרגליווערט, פאַרשטיינערט

**Otężyć,** פאַרפעסטיקן; פאַרשטייפן, פאַרגליווערן, פאַרשטיינערן

**Otkać, obetkać,** אַרומשטאָפּן, פאַרשטאָפּן

**Otłaczać, otłoczyć,** אַרומפּרעסן אַרומקנעטן, אַרומדריקן

**Otłuc, obtłuc,** אויסשלאָגן, אַרומשלאָגן, אויסקלאַפּן, אַרומקלאַפּן; אויסשטשערבען

**Otłuczki,** אויסגעקלאַפּטע פּליעוועס

**Otłukiwać, obtłukiwać,** אויסשלאָגן, אַרומשלאָגן, אויסקלאַפּן, אַרומקלאַפּן; אַרומשטשערבען

**Otłuszczać, otłuścić,** אַרומפעטסן; אַרומשמירן; באַשמעלצן

**Otłuszczenie,** פאַרפעטסונג, פאַרשמעלצונג; פאַרשמירונג

**Otłuścieć,** ווערן פעט, פעטלייביק

**Oto, ot, otóż,** אָט, אָט-אָט, אָט איז, אָט איז דאָ, אָט דאָ; אָט דאָס, אָט וואָס; אָט דער, אָט דערדאָזיקער; אַלזאָ, בכן

**Otoczak,** פאַררונדיקטער שטיין פון וואַסערשטראָם

**Otoczenie,** אומגעבונג, סביבה; אַטמאָספער

**Otoczny,** אַרומקרייזנדיקער, אַרומרינגלענדיקער

**Otoczyć,** אַרומטאָקן, אַרומגלעטן, אַרומהאַקן, אַרומשפּאַלטן, אַרומטשעשען, אַרומשלייפן, אַרומשאַרפן; אַרומרינגלען, אַרומקרייזן, אַרומנעמען; אַרומשפּרינגען





**Otoczyna,** גלאַט אָרט אַרום אַ הויכן ברעג; דיאַפראַגמע; סטרוזשקע, טראָטשינע, טאָקערשפּענדל

**Otoczysty,** ברייטער, ווייט אויסגעשפּרייטער

**Otoć,** אָט, אָט איז, אָט איז דאָ, אָט דאָ

**Otok,** פאַררונדיקטער ברעג; אומקרייז, אומגעבונג; פּעריפעריע; אַרומהילונג, אַרומבינדונג; געשווילעכץ, אייטער בפרט אין ברוסט

**Otoknąć, obtoknąć,** אַרומשווענקען, באַשווענקען, אַרומוואַשן, אָפּוואַשן

**Otomana,** אָטאָמאַנע, נידעריקע ווייכע סאָפקע

**Otopić, otapiać,** אַרומשמעלצן

**Otrąbić,** אויסטרומייטערן, אויסטרומפּייטערן; אויספּויקן, צעפּויקן; איבערגעטר. זין: צעפּלוידערן

**Otrącać, obtrącać, otrącić, obtrącić,** אַרומהאַקן, אַרומקלאַפּן, אַרומשלאָגן, אַרומשטשערבען

**Otrębiasty,** קלייענ..., קלייענדיקער, קלייענאַרטיקער

**Otrębowaty,** קלייענאַרטיקער, מין הויט-אויסשיט; שיילנדיקער קאַפּשיפּן

**Otręby,** קלייען

**Otrędowacieć,** באַקומען צרעת, ווערן אַ מצורע

**Otrociny,** סטרוזשקעס, טראָטשינעס, זעגשפּענדלעך

**Otrok,** יינגל, בחורל; הויפדינער; יעגערנעק

**Otruchleć,** ווערן אָפּגעשראָקן

**Otruć,** אָפּסמען, פאַרסמען, פאַרגיפטן

**Otrzaskać,** פאַרהיימישן, פאַראייגענען, צוגעוויינען; פאַרהאַרטעווען; מאַכן דרייסט

**Otrząsać, otrząsnąć, otrząść,** אָפּטרייסלען, אָפּשאָקלען; אָפּשטויבן, אויסשטויבן; **o. się**—זיך אַ שאָקל, אַ ציטער, אַ

**Zamąciciel,** צעמישער, צעשטע־
רער, אויפהעצער

**Zamączać, zamączyć,** פאַר־
מעליקן

**Zamądrzeć,** ווערן קליגער ; ווערן
איבערגעקליגלט

**Zamczyna, zamczynka,**
קליינער אָפּגעלאָזענער שלאָס

**Zamczysko,** גרויסער אומגעלומ־
פערטער טירשלאָס ; גרויסער
אומגעלומפּערטער וואוינשלאָס ;
שלאָס־חורבה

**Zamczysto,** באַוואָרנט מיט אַ סך
שלעסער

**Zamczysty,** וואָס האָט אַ שטאַרקן
שלאָס ; באַוואָרנטער מיט אַ סך
שלעסער

**Zamdlić,** נעמען איבלען, נויגן
צום ברעכן

**Zamecznik,** שלאָסמאַכער, שלאָ־
סער; מין בריאהלע אָן חוט־השדרה;

**Zamek,** שלאָס, טירשלאָס ; שלאָס,
פעסטונג, פעסטונגשלאָס ; תפיסה,
טורמע ; budować z—ki na
lodzie—בויען שלעסער אויפן אייז

**Zameldować,** פאַרמעלדן, איינ־
מעלדן ; z. się—זיך פאַרמעלדן,
איינמעלדן

**Zameszne,** אָפּצאָל פאַר אָפּריכטן
אַ מעסע

**Zamesznictwo, zamszownictwo,** זאַמש־אויסאַרבעטונג

**Zamesznik,** זאַמש־אויסאַרבעטער

**Zameszny,** זאַמש־..., זאַמשענער

**Zamęczać, zamęczyć,** פאַר־
מוטשען, פאַרמאַטערן, פאַרפּייניקן;
z. się — זיך פאַרמוטשען

**Zamęście,** פאַרהייראַטונג פרוי ;
שטאַנד פון אַ חתונה־געהאַטער פרוי

**Zamęt,** געמיש, מישמאַש ; מוטנע־
דיקס ; אומאָרדענונג, אומרו ; z.
głowy — קאָפּדרייעניש, דאגה

**Zamętnica,** ...קס

**Zamężna,** באַמאַנטע פרוי

**Zamężyć się,** חתונה האָבן פרוי

**Zamglenie,** פאַרנעפּלונג, פאַר־
נעבלונג ; פאַרכמאַרונג, פאַר־
טונקלונג ; z. oczu—בלינדקייט ;
z. umysłu—גייסטיקע פאַרטונק־
לונג, משוגעת

**Zamglić,** פאַרנעפּלען, פאַרנעבלען,
פאַרטומאַנען

**Zamiana,** אויסטויש, אויסבייט ;
z. słów—וואָרטאויסטויש, וויכוח

**Zamianować,** געבן אַ נאָמען ;
פאַרנאָמינירן,באַשטימען אויף אן אמט,
געבן אַ נאָמינאַציע

**Zamiar,** פּלאַן, ציל, צוועק, כוונה,
שטרעבונג ; גרענעץ ; ראַם

**Zamiast,** שטאָט, אָנשטאָט, במקום

**Zamiatacz** פאַרקערער,אויפרוימער

**Zamiataczka,** פאַרקערערין,אויפ־
ריימערין ; קערבאַרשט

**Zamiatać, zamieść,** פאַרקערן,
אויפרוימען ; אָנמאַכן אַ שטויב ;
פאַרשיטן, אָנשיטן ; אויפבלאָזן,
אויפהויבן, אויפווייען

**Zamiatalny,** פאַרקערבאַרער,
אויפרוימבאַרער

**Zamiauczeć,** נעמען מיאַוקען

**Zamiąć,** נעמען קנייטשן, קוועטשן,
קנאָדערן

**Zamieciny,** פאַרקערטע מיסט

**Zamieć,** זאַווערוכע, געוויטער,
שניי־זאַווערוכע, שניי־געוויטער

**Zamiejscowy,** נישט אָרטיקער,
נישט היגער; הינטערשטאָטישער;
פרעמדער

**Zamiejski,** הינטערשטאָטישער

**Zamieniacz,** פאַרטוישער

**Zamieniać, zamienić,** פאַר־
טוישן, פאַרבייטן ; z. się — זיך
פאַרטוישן, פאַראַנדערשן ; זיך
פאַרוואַנדלען

**Zamiennia,** אין סטיליסטיק און גראמאַ־
טיק : מעטאָנימיע, פאַרטרעטונג
פון אַ קלאַנג אָד. באַגריף מיט אַן
אַנדערן
**Zamiennie,** פאַרטוישבאַר, אויס־
טוישבאַר
**Zamienność,** פאַרטוישבאַרקייט,
אויסטוישבאַרקייט
**Zamienny,** פאַרטוישבאַרער,פאַר־
בייטבאַרער ; אויסטויש־..., אויס־
טוישבאַרער ; z. handel—אויס־
טוישהאַנדל
**Zamierać, zamrzeć,** גוססן,
אָפּשטאַרבן ; האַלטן ביים שטאַרבן
**Zamierzać, zamierzyć,** פּלאַ־
נעווען, אָנצייכענען אַ פּלאַן ; האָבן
בדעה ; z. się—זיך פאַרמעסטן,
אויפהייבן אַ האַנט ; מאַכן אַן
אַטענטאַט
**Zamierzch,** אָונטטונקלקייט, בין־
השמשות, דעמערונג ; z. w
oczach — מין אויגנקראַנקהייט
**Zamierzchłość,** פאַרטונקלט־
קייט, פאַרדעמערטקייט, בין־
השמשותדיקייט ; אַלטקייט, אַמאָ־
ליקייט, לאַנגאָניקייט ; אוראַלט־
קייט, אַלטערטימלעכקייט
**Zamierzchły,** פאַרטונקלטער,
פאַרדעמערטער ; בין־השמשותדי־
קער ; אַלטער, אַמאָליקער, לאַנג־
אָניקער; אוראַלטער, אַלטערטים־
לעכער, פאַרצייטיקער
**Zamierzchnąć,** נעמען טונקלען,
דעמערן ; איבערגעטר. זין : ווערן
פאַרגעסן
**Zamierzenie,** פּלאַן, ; פּלאַנונג
ציל, כוונה, שטרעבונג
**Zamierznąć,** ווערן נמאס
**Zamierzony,** געפּלאַנעוועטער
**Zamiesić,** איינמאַכן טייג
**Zamieszać,** צערודערן, ; צעמישן
צעטומלען : אַרויסרופן אומרוען ;





אַרײַנמישן, אַרײַנפּלאָנטערן ; z.
się—זיך צעמישן ; זיך אַרײַנמישן
**Zamieszale,** אומגעאָרדנט, אָן
אָרדענונג, אָן טאָלק, אָן סדר ;
שטורמיש, אומרואיק, צערודערט,
צעטומלט
**Zamieszały,** אומגעאָרדנטער ;
שטורמישער, אומרואיקער, צע־
רודערטער, צעטומלטער
**Zamieszanie,** צעמישונג ; צע־
טומלונג, צערודערונג ; אומרו,
בונט, אויפשטאַנד, מרידה
**Zamieszczać, zamieścić,**
פאַרלאָקירן, איינלאָקירן, איינ־
קוואַרטירן ; z. w pismach —
פאַרעפנטלעכן אין צייטונגען
**Zamieszka,** אומרו, מישמאַש,
מהומה, בהלה, בונט, אויפשטאַנד,
מרידה, רעוואָלוציע, איבערקע־
רעניש ; אומאָרדענונג, קריגעריי,
מחלוקת; פּלאָנטערניש, וויקלעניש
**Zamieszkać, zamieszki-wać,** וואוינען, באַוואוינען ; נע־
מען וואוינען
**Zamieszkały, zamieszka-ny,** וואוינענדיקער,וואָס באַוואוינט
דירה ; באַוואוינטער
**Zamieszkanie,** וואוינונג, דירה ;
וואוינאָרט, זיצאָרט
**Zamieszkaniec,** איינוואוינער,
אָרטבאַוואוינער
**Zamieście,** הינטערשטאָט, פאָר־
שטאָט
**Zamiękać, zamięknąć,** ווערן
פאַרווייכערט
**Zamiękczać, zamiękczyć,**
פאַרווייכערן, מאַכן ווייך
**Zamiętlić,zamętlić,** פאַרמישן,
פאַרדרייען, פאַרוויקלען, פאַר־
פּלאָנטערן
**Zamigać, zamigotać,** טאָן אַ
מיגע ; נעמען מיגען, צוקן

**Zamilczeć, zamilczac,** פאַרשוויגן; נעמען שווייגן; ווערן אַנטשוויגן; z. o...—פאַרשווייגן ווענן...

**Zamilczenie,** פאַרשווייגונג; אין סטיליסטיק: נישט־דערדערדונג, נישט־דערזאָגונג

**Zamilkać, zamilknąć,** ווערן פאַרשוויגן, אַנטשוויגן; ווערן שטום, אַנטשטומט

**Zamilkły,** אַנטשוויגענער, אַנטשטומטער

**Zamiłować,** נעמען ליבן, ליב האָבן; z. się — זיך פאַרליבן, זיך איינליבן

**Zamiłowanie,** ליבשאַפט, סימפאַטיע, נייגונג, נטיה צו אן ארבעט, פאַך, ספארט, קונסט אדג"ל

**Zamiłowany,** פאַרליבטער, איינגעליבטער

**Zamiot, zamiota,** זאַוויערוכע, שניי־זאַוויערוכע, שניי־געוויטער

**Zamitrężyć,** פאַרבאַלעמוטשען, פאַרפּטרן צייט

**Zamja,** מין געוויקס

**Zamkarz,** שלאָסמאַכער, שלאָסער

**Zamknąć,zamykać,** פאַרמאַכן, פאַרשליסן, צומאַכן, צושליסן

**Zamknięcie,** פאַרמאַכונג, פאַרשליסונג; צומאַכונג, צושליסונג; פאַרמאַכט אָרט; סוף, ענדע, שלוס, פינאַל, עפּילאָג

**Zamknięty,** פאַרמאַכטער, פאַרשלאָסענער; צוגעמאַכטער, צוגעשלאָסענער

**Zamkowy,** שלאָס־..., וואָס איז נוגע דעם שלאָס; שלאָסוועכטער

**Zamleczać,zamleczyć,** פאַרמילכן, צופּראַוועז מיט מילך

**Zamleć,** נעמען מאָלן מעל; אָפּמאָלן

**Zamłacać, zamłócić,** פאַרדרעשן, אָפּדרעשן; איבערגעטר. זין: אָנבויקערן די ביינער



**Zamnażać, zamnożyć,** פאַרמערן; z. się — זיך פאַרמערן, צעפּרוכפּערן

**Zamocniać, zamocnić,** פאַרפעסטיקן, באַפעסטיגן

**Zamodlić się,** זיך פאַרטיפן אין דאַוונען

**Zamodrzeć,** ווערן בלויפאַרביק

**Zamokły,** פאַרנעצטער

**Zamokrzyca,** מין גראָזגעוויקס

**Zamordować, zamordowywać,** דערמאָרדן, דערהרגענען, טויטשלאָגן; פאַרמאָרדעווען, פאַרמוטשען, פאַרמאַטערן, פאַרפּייניקן; z. się — זיך פאַרמוטשען מיט שווערער פּראַצע

**Zamorek,** איי מיט אַן אָפּגעשטאָרבענעם עמבריאָן; זאָמען אָן פרוכטפעדעם

**Zamorski,** הינטער־ימישער, וואָס ליגט אויף יענער זייט ים

**Zamorszczyk, zamorczyk, zamorzanin,** איינוואוינער פון יענער זייט ים

**Zamorszczyzna,** אַלץ, וואָס געהער צו יענער זייט ים; חינט, וואָס קומט פון יענער זייט ים

**Zamortyzować,** פאַראַמאָרטיזירן, אָפּצאָלן און צוריקציען פאַרפליכטונגען

**Zamorzan,** מין אינזעקט

**Zamorze,** לאַנד אויף יענער זייט ים

**Zamoście,** אָרט אויף יענער זייט בריק

**Zamotać, zamotywać,** פאַרוויקלען, פאַרפּלאָנטערן

**Zamowa,** באַשטעלונג; חיבוח, דיספּוט; אויסרייד, תירוץ

**Zamożenie,** אונטערשטיצונג; פאַרמעגלעכקייט, באַמיטלטקייט

**Zamożnie** פאַרמעגלעך, באַמיטלט, רייך, שפעדיק

**Zamożność,** פאַרמעגלעכקייט. באַמיטלטקייט

**Zamożny,** פאַרמעגלעכער. באַמיטלטער

**Zamożysto, zamożyście,** שטאַרק פאַרמעגלעך, רייך, נגידיש, גביריש; מעכטיק, שטאַרק

**Zamożysty,** שטאַרק פאַרמעגלעכער, רייכער, נגידישער, גבירישער; מעכטיקער, שטאַרקער

**Zamówić, zamawiać,** פאַררעדן, פאַרשמועסן; באַשטעלן

**Zamówienie,** באַשטעלונג

**Zamóżdże** הינטערשטער מוח-טייל

**Zamraczać, zamroczyć,** פאַרפינסטערן, פאַרחושכן; z. się—זיך פאַרחושכן געמיינט: זיך באַרווישן, פאַרלירן דאָס באַוואוסטזיין

**Zamrażać, zamrozić,** פאַרפרירן, פאַרקעלטערן; z. nogi— אָפּפרירן די פיס

**Zamrocze,** פינסטערניש, חושך; טונקלקייט

**Zamroczek,** מין אינזעקט

**Zamrocznia,** מין געוויקס

**Zamroczny,** פאַרפינסטערטער, פאַרחושכטער

**Zamrok, zamroka,** דעמערונג, בין-השמשות, טונקלקייט; פינסטערניש, חושך

**Zamrowić się,** זיך צעראַיען, צעווימלען ווי מוראַשקעס; זיך גנדיכט באַפעלקערן

**Zamroź,** פאַרפרוירענע ערד

**Zamróz,** פאַרפרירונג, פאַרפרוירונג; ווייסער פראָסט; שוידערלעכע קעלט

**Zamruczeć, zamruknąć,** פאַרמרוקען, פאַרבורטשען; נעמען מרוקען, מרוטשען, בורטשען, ברומען, מורמלען

**Zamrugać, zamrugnąć,** נעמען ווינקען אויגן

**Zamrużać, zamrużyć,** פאַרזשמורען

**Zamsz,** זאַמש, מין ווייכער פיינער לעדער

**Zamszyca,** מין געוויקס

**Zamszyć,** באַדעקן מיט מאָך

**Zamszysty,** באַמאָכיקטער; זאַמש-..., זאַמשווייכער

**Zamtuz,** זנות-הויז, שאַנדהויז, הייזל

**Zamtuzka,** גאַסנפרוי, זונה

**Zamudzić,** פאַרנאַבלעסיקן

**Zamulać, zamulić,** פאַראומרייניקן מיט שליים, פאַרשליימיקן; איבערגעטר. זין: אָנשטעקן מיט אַ קראַנקהייט אַד. פעסט; z. się— זיך פאַרשליימיקן; זיך פאַרהאַלטן

**Zamulisko,** פאַרשליימיקט אָרט

**Zamulny,** שליים-..., שליימיקער

**Zamuł,** שליימשמוץ

**Zamurek,** מין אינזעקט

**Zamurny, zamurowy,** וואָס ליגט אויף יענער זייט מויער

**Zamurować, zamurowywać,** פאַרמויערן, פאַרבויען

**Zamurzać, zamurzyć,** פאַרפלעקן מיט פאַרב, דובלירן יריק

**Zamurze,** אָרט הינטער אַ מויער-וואַנט

**Zamuskać, zamusnąć, zamusknąć,** נעמען גלעטן; אַ גלעטן, אויסגלאַטיקן; גלאַט אויסשמירן

**Zamuszki,** חן-פלאַסטערלעך

**Zamycać, zamycić,** אָפּצאָלן דעם שטייער פון סחורה

**Zamydlać, zamydlić,** פאַרזייפן, איינזייפן; z. oczy—פאַרזייפן די אויגן גנעמיינט: אָפּנאַרן, באַשווינדלען

**Zamykacz,** פאַרמאַכער, צומאַכער; פאַרשליסער, צושליסער

**Zamykać, zamknąć,** פאַרמאַכן, צומאַכן; פאַרשליסן, צושליסן; פאַרשפאַרן; באַהאַלטן אונטערן שלאָס; z. komu usta — פאַר־שטאָפּן יענעם ס'מויל; z. posiedzenie — שליסן די זיצונג; z. się — זיך פאַרמאַכן, פאַרשליסן; z. się w sobie — זיך פאַרשליסן אין זיך

**Zamykalny,** פאַרמאַכבאַרער, פאַר־שליסבאַרער

**Zamylać, zamylić,** אַריינפירן אין אַ טעות; שטערן אין ציילן אָד. לייענען

**Zamysł,** כוונה; איינפאַל; פּלאַן, פאַרטראַכטונג, פאַרקלערונג

**Zamyślać, zamyślić,** פּלאַנע־ווען, האָבן בדעה; פאַרטראַכטן, פאַרקלערן; z. się — זיך פאַר־טראַכטן, פאַרקלערן

**Zamyślenie,** פאַרטראַכטונג, פאַר־קלערונג

**Zamyślony,** פאַרטראַכטער, פאַר־קלערטער, פאַרמוחטער

**Zanadrzany,** וואָס געפינט זיך אין בוזעמקעשענע

**Zanadrze,** בוזעמקעשענע

**Zanadrzysto,** מיט אַ ברייטער בוזעמקעשענע

**Zanadrzysty,** וואָס האָט ברייטע בוזעמקעשענעס

**Zanęcać, zanęcić,** צולאָקן, צו־רייצן, צומאַניען

**Zanędzniać, zanędznić,** פאַרנענזען, פאַרמאָגערן; פאַר־אָרעמען, פאַרבידערווען, פאַר־קבצנען

**Zanędznieć,** ווערן פאַרנענזעט, פאַרמאָגערט; ווערן אָרעם, בידנע, פאַרדלותט

**Zanękać,** פאַרפּייניקן, פאַרמוטשען

**Zanęta,** לאָקונג, רייצונג, רייץ



**Zaniecać, zaniecić,** נעמען אויפפלאַמען, אויפפלאַקערן

**Zaniechać,** לאָזן צורו, לאָזן גע־מאַך, אָפּלאָזן; פאַרנאַכלעסיקן

**Zanieczyszczać, zanieczyścić,** פאַראומרייניקן, פאַר־שמוצן, פאַרברודיקן

**Zaniedbać, zaniedbywać,** פאַרנאַכלעסיקן; z. się — זיך פאַרנאַכלעסיקן פאַרוואָרלאָזן

**Zaniedbalec,** פאַרנאַכלעסיקער; פאַרנאַכלעסיקטער, אָפּגעלאָזענער

**Zaniedbalstwo,** פאַרנאַכלעסי־קונג, פאַרוואָרלאָזונג

**Zaniedbałość,** פאַרנאַכלעסיקייט, פאַרוואָרלאָזטקייט, אָפּגעלאָזנקייט

**Zaniedbały,** פאַרנאַכלעסיקטער, פאַרוואָרלאָזטער, אָפּגעלאָזענער

**Zaniedbanie,** פאַרנאַכלעסיקונג, פאַרוואָרלאָזונג

**Zaniedbany,** פאַרנאַכלעסיקטער, פאַרוואָרלאָזטער, אָפּגעלאָזענער

**Zaniemagać, zaniemóc,** ווערן נישט־געזונט, „לא־עליכמדיק"

**Zaniemiać, zaniemić,** פאַר־שטומען, מאַכן שטום

**Zaniemieć zaniemówić,** ווערן פאַרשטומט, שטום

**Zaniepokoić,** פאַרבאַאומרויִקן; z. się — זיך באַאומרויִקן, ווערן אומרויִק

**Zanieprożnić,** פאַרפּילן, פאַר־פּולן, אָנפּילן

**Zanierychło,** צו שפּעט

**Zanieść, zanosić,** אַוועקטראָגן; אָפּטראָגן, צוריקטראָגן; z. do — אַריינטראָגן צו; z. kogoś prośbę — יענעם אַ בקשה; z. na kogo rękę — אויפהייבן אויף יענעם אַ האַנט; z. się — זיך אַוועקטראָגן; z. się — ווערן אַוועקגעטראָגן; od... — זיך פאַרקייכן פון...

**Zaniewidzieć,** איפהערן זען, ווערן בלינד

**Zanik,** פארשווינדונג, אנטרינונג; פארלירונג; אין מעדיצין: אטראפיע, לאנגזאמע אפשטארבונג פון די ארגאנגעוועבן; — z. pamięci זכרון־פארלירונג; z. całego organizmu — קערפער־איינשרומפונג מהמת זקנה

**Zanikać, zaniknąć,** פארשווינדן, אנטרינען, נעלם ווערן; אומקומען, אונטערגיין; ווערן אפגעפאלן, אויסגעמאגערט; ווערן איינגעשרומפן

**Zanim,** איידער, בעפאר

**Zaniszczać, zaniszczyć,** פארנישטשען, פארניכטן, אומברענגען, חרוב מאכן; — z. się זיך פארניכטן, זיך אומברענגען

**Zaniszczały,** פארנישטשעטער, פארניכטער, חרוב געווארענער

**Zaniszczeć,** ווערן פארנישטשעט, צענישטשעט, חרוב

**Zanitować, zanitowywać,** פארניטעווען, פארשטיפטן אייזן

**Zankiel, żankiel,** מין הייליגע־וויקס

**Zanocnica,** מין פלאטערל

**Zanocować,** איבערנעכטיקן

**Zanogieć,** עטוואס איינגעריסן שטיק נאגל

**Zanokcica,** מין קווארצערק; z. skalna — מין פארנקרויט; וואונד הינטער די נעגל

**Zanominować,** פארנאמינירן, באשטימען אויף אן אמט

**Zanosić, zanieść,** אוועקטראגן

**Zanośny,** אוועקטראגבארער

**Zanotować, zanotowywać,** פארנאטירן, פארצייכענען

**Zanoza,** קווערהאלץ אינם יאך פון אן אקסנעשפאן

**Zanucić,** נעמען שטיל זינגען

**Zanudzać, zanudzić,** פאר־נודזשען, פארלאנגווייליקן

**Zanurzać, zanurzyć,** אראפ־טונקען, אראפטוקן, אראפטויכן; איבערגעטר. זין: ווערן פארזונקען, פארטרונקען

**Zanurzony,** אראפגעטונקטער, אראפגעטוקטער; פארזונקענער

**Zań,** געקירצט: za niego — פאר אים; אנשטאט אים

**Zaobłoczyć,** פארוואלקענען, פאר־כמארען

**Zaobozować,** בלייבן לאגערן בפרט מיליטער

**Zaochocić,** אויפמונטערן, אנרעגן, צוגעבן חשק; z. się — זיך אויפ־מונטערן; באקומען חשק

**Zaocznie,** הינטער די אויגן, אין דער אפוועזנקייט

**Zaoczność,** אפוועזנקייט בפרט בעת א פראצעס

**Zaoczny,** וואס איז פארגעקומען הינטער די אויגן, אין יענעמס אפ־וועזנקייט

**Zaodłożyć** לאזן ליגן אומבאאר בעט

**Zaogniać, zaognić,** פארפלא־מען, פארפלאקערן; צעפייערן, צעברענען; z. ranę — ארויסרופן א וואונדאנצינדונג; z. się — זיך אנצינדן; באקומען א וואונדאנ־צינדונג

**Zaognienie,** אנצינדונג, פארפלא־מונג, צעברענונג

**Zaokrąglać, zaokrąglić,** פאר־קיילעכיקן, פאררונדיקן; — z. się זיך פאררונדיקן

**Zaokrąglenie,** פארקיילעכיקונג, פארקיילעכדיקונג, פאררונדיקונג, פאררונדונג

**Zaonegdaj,** פאר אייערנעכטן, מיט דריי טעג צוריק

**Zaopatrywać, zaopatrzyć,** פאַרזאָרגן, באַזאָרגן מיט זאַפּאַסן ; z. się—זיך באַזאָרגן מיט זאַפּאַסן
**Zaopatrzenie,** פאַרזאָרגונג, באַ־זאָרגונג
**Zaopinjować,** ארויסזאָגן אַ מיינונג וועגן עמעצן אָד. עפּעס
**Zaordynować,** פאַראָרדענען, פאַרשרייבן רעצעפּט
**Zaorywać, zaorać,** פאַראַקערן, צעאַקערן; ענדיקן אַקערן; —z. się וערן פאַראַקערט ; איבערגעטר. זין : זיך אויסמאַטערן מיט שווערער פּראַצע
**Zaoskomiać, zaoskomić,** דערוועקן חשק, אַפּעטיט
**Zaostrzać, zaostrzyć,** פאַר־שאַרפן, פאַרשפּיצן ; אויסשלייפן, אויסטאָקן; איבערגעטר. זין : אויפמונ־טערן, צוגעבן חשק ; דערוועקן, אָנרעגן ; z. ciekawość — פאַר־שאַרפן די נייגעריקייט; z. język — na kogo דערקוטשען יענעם מיט שטעכווערטלעך ; z. się — זיך פאַרשלייפן, פאַרשאַרפן
**Zaostrze,** שאַרפער שפּיץ
**Zaoszczędzać, zaoszczę-dzić,** פאַרשפּאָרן, איינשפּאָרן ; פאַרשוינען, פאַרשאַנעווען
**Zapach,** ריח, גערוך, דופט
**Zapachnąć,** נעמען שמעקן; ארויס־געבן פון זיך אַ ריח
**Zapachtować,** פאַרפּאַכטן, פאַר־דינגען, פאַראַרענדירן בהמות
**Zapad,** איינפאַלעניש, איינזינקעניש
**Zapadać, zapaść,** אראָפּפאַלן, אנידערפאַלן; באַקומען שפּאַרעס, שפּאַלטן; פּלאַצן; איינפאַלן, איינ־שרומפּן; z—dłe policzki —איינ־געפאַלענע באַקן; z. na zdrowiu— ווערן נישט געזונט, זיך לייגן צום־בעטן; z—da noc —די נאַכט פאַלט צו; z—dł gdzies—ערגעץ פאַר־פאַלן געוואָרן; z. się—ווערן איינ־געפאַלן; ווערן פאַרפאַלן, פאַרזונ־קען, אנטרונען
**Zapadka,** פּולאַפּקע־ברעטל, פּו־לאַפּקע־העלצל ; טיר־קליאַמקע
**Zapadlina,** אין געאלאגיע : איינגע־טיפטע ערדשיכט
**Zapadłość,** איינגעפאַלנקייט, איינ־געטיפטקייט, איינגעשרומפּנקייט, איינגעזונקענקייט, אויסגעהוילטקייט
**Zapadły,** איינגעפאַלענער, איינגע־טיפטער, איינגעשרומפּענער, אויס־געהוילטער, איינגעזונקענער; פאַר־וואָרפענער, אָפּגעלעגענער, ווייט־פאַררוקטער; z. kąt—פאַרוואָרפן ווינקל, העק
**Zapadzisto,** איינגעפאַלן, איינגע־טיפט, איינגעזונקען, איינגעשרומפּן, אויסגעהוילט ; משופּעדיק, שיף ; תּהומיק, אָפּגרונטיק
**Zapadzistość,** איינגעפאַלנקייט, איינגעטיפטקייט, איינגעשרומפּנ־קייט, איינגעזונקענקייט, אויסגע־הוילטקייט ; משופּעדיקייט, שיפּ־קייט; תּהומיקייט
**Zapadzisty,** איינגעפאַלענער, איינ־געטיפטער, איינגעזונקענער, איינ־געשרומפּענער, אויסגעהוילטער ; משופּעדיקער, שיפער; תּהומיקער, אָפּגרונטיקער
**Zapakować,** פאַרפּאַקן, איינפּאַקן; באַהאַלטן, פאַרבאַהאַלטן ; פאַר־שטאָפּן, אָנשטאָפּן ; אַריינפּאַקן, אַריינזעצן מיט געוואַלד תּפיסה, משונעים־הויז אדג״ל
**Zapaktować,** פירן אונטערהאַנד־לונגען בפרט וועגן שלום
**Zapal,** לייכט־ברענענדיקער הייצ־מאַטעריאַל
**Zapalacz,** אָנצינדער, אונטערצינ־דער ; לאָמפּנצינדער

**Zapalać, zapalić,** אָנצינדן ; איבערגעטר. זיין : צעפלאַמען, צעפלאַ־
קערן מלחמה, האס. מחליקר אר"גל ; אָנ־
רעגן, אויפמונטערן ; — z. się זיך
אָנצינדן ; אויפפלאַמען, אויפפלאַ־
קערן ; איבערגעטר. זיין : פאַררויטלען
זיך ; — z. się gniewem זיך צע־
פלאַקערן מיט גרימצאָרן ; z. się
do... — זיך באַגייסטערן מיט... ;
אין מעדיציין : באַקומען אַן אָנצינדונג

**Zapalczywie,** פלאַמיק, פלאַמ־
פייערדיק, מיט ברען, מיט פייער,
היציק, האַסטיק, באַגייסטערט,
התלהבותדיק

**Zapalczywość,** ברענענדיקייט,
פלאַמיקייט, פלאַמפייערדיקייט,
היציקייט, האַסטיקייט, באַגייס־
טערטקייט, התלהבותדיקייט

**Zapalczywy,** ברענענדיקער, פלאַ־
מיקער, פלאַמפייערדיקער, היצי־
קער, האַסטיקער, באַגייסטער־
טער, התלהבותדיקער

**Zapalenie,** אָנצינדונג ; z. gar-
dła — האַלזאָנצינדונג ; — z. płuc
לונגענאָנצינדונג

**Zapaleniec,** היצקאָפ, פייערקאָפ,
ענטוזיאַסט, התלהבותניק

**Zapaliczka,** מין געוויקס

**Zapalniczek** צינדרערל אין אַ ביקס

**Zapalniczka,** צינדמאַשינקע

**Zapalniczy,** אָנצינדבאַרער, ...צינד־

**Zapalnie,** ברענבאַר, צינדבאַר,
לייכט־צינדבאַר

**Zapalnik,** אָנצינדער, צינדרערל
אין שיסגעווער

**Zapalność,** צינדבאַרקייט, אָנצינד־
באַרקייט

**Zapalny,** אָנצינדבאַרער, לייכצינד־
באַרער ; ברענענדיקער, פייערדי־
קער, פלאַמפייערדיקער, היצי־
קער, האַסטיקער ; — ofiara z—a
קרבן־עולה



**Zapalony,** אָנגעצונדענער, פאַר־
ברענטער, באַגייסטערטער,
התלהבותדיקער ; z. miłośnik
sztuki — פאַרברענטער קונסט־
ליבהאָבער ; z. gniewem — כּעס־
צעפלאַמטער ; — z—a głowa
ברענקאָפּ, היצקאָפּ, ענטוזיאַסט

**Zapalować,** פאַרפּאַליעווען, אַרומ־
שטעלן מיט פּאַליעס

**Zapał,** ברען ; פייער, פלאַם ; איבער־
געטר. זיין : ליידנשאַפט, היציקייט,
פייערדיקייט, פלאַמפייערדי־
קייט ; באַגייסטערונג, התפעלות,
התלהבות ; צינדרערל אין שיס־
געווער ; מין באַוולגעוועב

**Zapała,** ברענשטאָף, ברענמאַטער־
יאַל ; שטויס, שטויסקראַפט ; רייץ

**Zapałka,** צינדשטאָף, צינדמאַטער־
יאַל ; זאַפּאַלקע, שוועבעלע ; — z—i
שוועבעלעך

**Zapamiętać, zapamiętywać,** פאַרגעדענקען, האָבן צו־
געדענקען ; — z. się פאַרגעסן ;
זיך פאַרגעסן, אַרויס פון די כּלים

**Zapamiętale,** אומבאַדאַכט, אומ־
באַזינט ; פאַרביסן ; נקמה־גיריק ;
צאָרנדיק, גרימצאָרנדיק

**Zapamiętalec,** אומבאַדאַכטער
מענטש ; נקמה־נעמער, נוקם־ונוטר

**Zapamiętałość,** אומבאַדאַכט־
קייט, אומבאַזינטקייט ; פאַרביסנ־
קייט ; נקמה־גיריקייט ; צאָרנדיקייט,
גרימצאָרנדיקייט

**Zapamiętały,** אומבאַדאַכטער,
אומבאַזינטער ; פאַרביסענער ;
נקמה־גיריקער ; צאָרנדיקער, גרימ־
צאָרנדיקער

**Zapamiętanie,** פאַרגעדענקונג

**Zapamiętliwość,** פאַרגעסלעכ־
קייט, פאַרגעסבאַרקייט

**Zapamiętliwy,** פאַרגעסלעכער

**Zapamiętne,** מתנה פאַר אַ באַאַמטן

**Zapanować**, נעמען הערשן, איבערנעמען די מאַכט; באַהערשן

**Zapar**, אויספּאַרונג, אויסדאַמפּונג, אויסהויכונג, אויסאָטעמונג

**Zaparać, zapruwać, zapruć**, נעמען טרענען; צעטרענען

**Zaparafować**, באַשטעטיקן מיט אַ געריכטס־חתימה; אַריינטראָגן אין די אָפּיציעלע ביכער

**Zaparcie**, אונטערלייגונג, אונטערשטיצונג; פאַרשטאָפּונג, פאַרפעסטיקונג; לייקענונג; אָפּלייקענונג; פאַרהאַרטונג, פאַרהאַלטונג מאגן; — z. stolca מאָגנפאַרהאַלטונג, אָבסטרוקציע

**Zaparcieć**, נעמען פוילן

**Zaparkanić**, אַרומצוימען מיט אַ פּאַרקאַן

**Zaparować**, נעמען פּאַרען, דאַמפּן; פאַרטרייבן, פאַריאָגן

**Zaparskać, zaparsknąć, zaparsnąć**, נעמען פּאָרשקען; פאַרפּאָרשקען

**Zaparstek, zapartek**, אָפּגעטויטער עמבריאָן; פאַרפוילטע איי

**Zaparszeć, zaparszywieć**, ווערן פאַרפּאַרכעט

**Zaparszywić**, פאַרפּאַרכען, מאַכן פּאַרכוואַטע

**Zapartaczyć, zapartolić**, פאַרפּאַרטאַטשעווען, פאַרטאַנדעטעווען, פאַרפּושערן

**Zaparty**, פאַרשטאָפּטער, פאַרהאַלטענער מאגן; פאַרמאַכטער, פאַרשפּאַרטער; — z. żołądek פאַרשטאָפּטער מאָגן

**Zaparzać, zaparzyć**, פאַרבריען טיי, מילך אדג״ל; — z. się זיך פאַרבריען, זיך אויפבריען

**Zapas**, זאַפּאַס, רעזערוו; — z-y קאַמפּן, שטרייטן, גראַנגלעניש; מחלוקת, אַמפּערניש, שפּאַרעניש

**Zapasać, zapasować**, פאַרגורטן, פאַרגאַרטלען; — z. się זיך אַרומגאַרטלען

**Zapasać, zapaść**, פאַרפּאַשען, פאַרפיטערן, איבערפיטערן; — z. się זיך איבערפּאַשען, איבערפיטערן; זיך אָנפּאַשען

**Zapasek**, — z—i געפעכטקונסט געפעכטשטרייט

**Zapasiony**, פאַרפּאַשעטער, איבערגעפּאַשעטער, אויסגעפּאַשעטער, אויסגעפיטערטער

**Zapaska**, פאַרטוך ביי פּויערטעס

**Zapaskudzać, zapaskudzić** פאַרפּאַסקודיען, פאַראומרייניקן; — z. robotę אָפּפאַרטאַטשעווען אַן אַרבעט

**Zapasować, zapaszować**, פאַרפּאַשן, פאַרפּאַסן אין קאַרטן

**Zapasowy**, זאַפּאַס־..., רעזערוו־..., זאַפּאַסנער, רעזערוויקער; — z. kapitał רעזערוו־קאַפּיטאַל; — z. żołnierz רעזערווזעלנער, רעזערוויסט

**Zapaszać, zapasić**, אָנגרייטן אַ שפּייזזאַפּאַס

**Zapaszny**, וואָס ווערט געטראָגן הינטערן פּאַס

**Zapaszysto**, בשׂמימדיק, דופטיק, וואוילגערוכיק, וואוילשמעקנדיק

**Zapaszysty**, בשׂמימדיקער, דופטיקער, וואוילגערוכיקער, וואוילשמעקנדיקער

**Zapaśnica, zapaśniczka**, וועטקעמפּערין, פעכטערין

**Zapaśnictwo**, געפעכטקונסט; פעכטעריי, וועטפעכטעריי; דועל; איבערגעטר. זין: וויכוח, דיסקוסיע, פּאָלעמיק

**Zapaśniczo**, געפעכט־..., געפעכטעריש, געפעכטאַרטיק, געפעכטמעסיק

**Zapaśniczy,** געפּעכט־..., געפּעכ־ טערישער

**Zapaśniczyć,** (זיך) באַטייליקן אין אַ געפּעכט

**Zapaśnik,** פּעכטער;צירק־אַטלעט, גלאַדיאַטאָר ; איבערגעטר. זין : קאָנ־ קורענט, ריוואַל

**Zapaśno,** זאַפּאַספּול, מיט זאַפּאַס

**Zapaśny,** זאַפּאַספּולער ; פּאַרזאָרג־ טער מיט שפּייזזאַפּאַסן, פּאַרפּראָ־ וויאַנטירטער ; זאַפּאַס־..., רע־ זערוו־..., זאַפּאַסנער, רעזערווי־ קער ; געפּעכט־...,געפּעכטלעכער

**Zapata,** פּייערונג לכּבוד אַן אָנגע־ זעענער פּערזאָן ; מנהג צו געבן קינדער און דינערשאַפּט מתּנות צום יום־טוב פון הייליקן מיקאָלאַי

**Zapatrywać się, zapatrzyć się,** זיך פאַרקוקן, זיך צוקוקן ; האָבן אַ מיינונג ; איבערגעטר. זין : זיך נעמען פאַר אַ מוסטער

**Zapatrywanie (się),** קוק, בליק, מיינונג, אָנשויונג

**Zapatrzyć się,** זיך פאַרקוקן, פאַרגאַפן

**Zapazucha,** בוזעמקעשענע

**Zapchać, zapychać,** פאַר־ שטאָפּן, אָנשטאָפּן ; פאַרפּאַקן ; זיך פאַרשטאָפּן — z. się ; זיך אָנשטאָפּן, אָנפרעסן

**Zapełniać, zapełnić,** פאַר־ פילן, פאַרפולן, אָנפילן ; צונויפ־ קלייבן, צונויפזאַמלען ; דערגאַנצן, קאָמפּלעטירן

**Zapełzać, zapełznąć,** אַוועק־ קריכן, פאַרקריכן, אַוועקפויזען

**Zaperzać,** לאָזן זיך צעהאַקסן ווילדגעוויקסן ; אַריינברענגען אין אַ שלעכטער שטימונג ; דערצאָרע־ נען ; — z. się —זיך באַדעקן מיט ווילדגעוויקסן ; זיך צעצאָרענען, צעברוגזן

**Zaperzony,** באַוואַקסענער מיט ווילדגעוויקסן ; דערצאָרנטער

**Zapewne,** בלי־ספק, זיכער, אָן צווייפל ; מסתּמא, אַוודאַי, וואַר־ שיינלעך, משמעות, אַפּנים, קענ־ טיק, דאַכט זיך, ווייזט אויס

**Zapewniać, zapewnić,** פאַר־ זיכערן ; גאַראַנטירן, ערוב זיין ; z. się — זיך פאַרזיכערן

**Zapewniciel,** פאַרזיכערער, גאַ־ ראַנטירער

**Zapewnienie,** פאַרזיכערונג, גאַ־ ראַנטיע, ערבות

**Zapęd,** פאַרנעם, פאַרמעסט; שוואונג, אויפשוואונג ; אימפּעט, האַסט ; פּראָגרעס, פאָרשריט

**Zapędliwie,** היציק, האַסטיק, אימפּעטיק, ליידנשאַפטלעך, גע־ וואַלדיק, פייערדיק,פלאַמפייערדיק

**Zapędliwość,** היציקייט, האַסטי־ קייט, אימפּעטיקייט, געוואַלדי־ קייט, פייערדיקייט, פלאַמפייער־ דיקייט

**Zapędliwy,** היציקער, האַסטיקער, אימפּעטיקער, ליידנשאַפטלעכער, געוואַלדיקער, פייערדיקער,פלאַמ־ פייערדיקער

**Zapędzać,zapędzić,** פאַריאָגן, פאַרטרייבן ; אַרויסיאָגן, אַרויס־ טרייבן ; z. się — זיך פאַריאָגן ; זיך פאַרמעסטן ; זיך נעמען מיט ברען צו אַן אַרבעט —z. się dokąd ערגעץ אַוועקגאַלאָפּירן

**Zapędzlować,** פאַרפּענזלען,פאַר־ שמירן מיטן פּענזל

**Zapętać,** פאַרפּענטען, פאַרבינדן ; z. się — זיך פאַרפּענטען ; זיך פאַרוויקלען, פאַרפּלאָנטערן

**Zapęziały,** פאַרקאַרליקטער, איינ־ געשרומפּענער

**Zapęzieć,** ווערן פאַרקאַרליקט, איינגעשרומפּן

**Zapiać,** נעמען קרייען ; איבערגעטר. זין : נעמען זינגען
**Zapian,** מין קאַשטאַן־געוויקס
**Zapiaskować, zapiaszczyć,** פאַרזאַמדיקן, פאַרשיטן מיט זאַמד
**Zapiecek,** אָרט הינטערן אויוון ; — wychować się na z—ku זיך אויסכאַוועט הינטערן אויוון
**Zapiecnik,** הינטעראויוון־ליגער, שטובזיצער
**Zapiecny,** וואָס ליגט הינטערן אויוון
**Zapieczętować,** פאַרשטעמפּלען, פאַרזיגלען, פאַרחתמענען ; איבערגעטר. זין : באַפעסטיקן, באַשטעטיקן
**Zapieczętowany** פאַרשטעמפּלטער, פאַרזיגלטער, פאַרחתמעטער
**Zapieczony,** פאַרבאַקענער; פאַרהאַרטעוועטער פון פייער
**Zapiekać, zapiec,** פאַרבאַקן, פאַרברענען, צוברענען ; פאַרהאַרטעווען אויפן פייער ; z. ko-mu — יענעם דערקוטשען, דערגיין די יאָרן ; z. żołądek — פאַרשטאָפּן, פאַרהאַרטעווען דעם מאָגן; z. się — זיך פאַרבאַקן, פאַרברענען ; ווערן האַרט אויפן פייער ; זיך באַדעקן מיט אַ האַרטער שאָל; ליידן אויף מאָגנפאַרשטאָפּונג
**Zapiekanka,** מין געבראָטענע פּאַטראַווע ; קאָבזאַלץ ; דערקוטשעניש, קוועלעניש
**Zapieklina,** פאַרשטאָפּטער, האַרטער מאָגן
**Zapiekły,** פאַרהאַרטעוועטער פון פייער ; z. żołądek — פאַרשטאָפּטער מאָגן
**Zapielać, zapleć,** נעמען פּיעליען, יעטן
**Zapielgrzymować,** אַוועקוואַנדערן ביי עלית־הרגל ; עולה־רגל זיין





**Zapieniać, zapienić,** באַשוימען, באַדעקן מיט שוים ; איבערגעטר. זין : אויפרעגן, דערצאָרענען
**Zapienieć** ווערן באַדעקט מיט שוים
**Zapieprzać, zapieprzyć,** פאַרפעפערן, צופּראַווען מיט פעפער
**Zapieracz,** אָפּלייקענער, אָפּשפּאַרער, אָפּווענדער
**Zapierać, zaprać,** פאַרוואַשן, אַ ויסציען דורך וואַשן פלעקן, שמוץ
**Zapierać, zaprzeć,** פאַרשפּאַרן, פאַרמאַכן, פאַרשליסן ; אַרומרינגלען, אַרומקרייזן; פאַרהאַלטן, אָפּהאַלטן ; אונטערשפּאַרן, אונטערשטיצן, אַנטערלייגען ; נישט מודה זיין ; z. dech — פאַרהאַלטן דעם אָטעם ; z. się — זיך פאַרשפּאַרן, פאַרשליסן ; זיך פאַרהאַלטן, אָפּהאַלטן ; z. się czego — אָפּלייקענען, אָפּשפּאַרן, אָפּווענדן ; z. się siebie — זיך אָפּזאָגן בפירוש לטובת אַ צווייטן
**Zapieradło,** פאַרוקער, ריגל
**Zapierzać, zapierzyć,** באַפעדערן, באַדעקן מיט פעדערן ; z. się — זיך באַפעדערן
**Zapierzchnąć,** אַנטלויפן, אַנטרינען, פאַרשווינדן
**Zapierzenie,** באַפעדערונג
**Zapieszczać, zapieścić,** פאַרפּיעשטשען, פאַרצערטלען
**Zapięcie,** שנאָלבל, קלאַמערקע ; שפּילקע
**Zapiękniać, zapięknić,** פאַרשענערן, מאַכן שענער ; באַפּוצן
**Zapiększać, zapiększyć,** פאַרפּוצן, באַפּוצן, באַצירן
**Zapiętnować,** באַצייכענען מיט אַ סימן
**Zapięty,** פאַרשפּיליעטער, פאַרקנעפּלטער ; פאַרקלאַמערטער

**Zapijać, zapić,** פאַרטרינקען; פאַרגיסן מיט אַ כּוסה; אָפּשוואַכן, פאַרטעמפּן ווייטיק, אנגסט אדג"ל דורך טרינקען; z. się — זיך פאַרשיכּורן

**Zapijatyka,** געטרינקעריי; שיכּרות

**Zapiknąć,** טאָן אַ פּיק, אַ דזשאָבע, אַ שטאָך

**Zapilśnić,** פאַרפילצעווען, באַדעקן מיט פילץ

**Zapiłować,** נעמען זעגן; פאַרזעגן; אין שפּאַס: פאַרמאַטערן מיט נודזשעריי

**Zapiłowany,** פאַרזעגטער; איינגעשפּאַרטער, איינגעעקשנטער; אומפאַרשטענדיקער, טעמפּער

**Zapiły, zapity,** באַטרונקענער, פאַרשיכּורטער

**Zapinacz,** פאַרשפּיליער, צושפּיליער; שפּילקע, קלאַמרע, שנאָל

**Zapinać, zapiąć,** פאַרשפּיליען, פאַרקנעפּלען, פאַרקלאַמערן; z. się — זיך פאַרשפּיליען

**Zapinka,** שנאָלכל, קלאַמערקע

**Zapis,** פאַרשרייב, איינשרייב בפרט אויף אַ ליסטע; אויפשריפט

**Zapisać, zapisywać,** פאַרשרייבן; פאַרצייכענען, פאַרנאָטירן; אַרויפציען אויף אַ ליסטע; אויסשרייבן באַשטעלן שריפטלעך; z. lekarstwo — פאַרשרייבן אַ רעצעפּט; z. się — זיך פאַרשרייבן; זיך איינשרייבן; z. się komu — זיך פאַרפליכטן צו יענעם שריפטלעך; z. się przeciw... — זיך פאַרשרייבן קעגן... געמיינט: פּראָטעסטירן

**Zapiszczeć, zapisnąć, zapiskać,** טאָן אַ פּישטש, אַ פּיפּס

**Zaplasknąć, zapłaszczeć,** ווערן איינגעשרומפּן, איינגעפּלאַטשיקט, איינגעפאַלן





**Zaplasnąć,** טאָן אַ קלאַטש, אַ פּליעסקע מיט די הענט

**Zaplatać, zaplatywać, zapleść,** פאַרפלעכטן; אַרומשטעלן מיט אַ פלעכטצוים; פאַרפּלאָנטערן, פאַרוויקלען, פאַרדרייען; z. się — זיך פאַרפלעכטן; זיך פאַרפּלאָנטערן, פאַרוויקלען

**Zapląsać,** נעמען טאַנצן

**Zaplątać, zaplątywać,** פאַרפּלאָנטערן, פאַרוויקלען, פאַרדרייען, פאַרקניפּלען; z. się — זיך פאַרפּלאָנטערן

**Zaplecze,** אָרט הינטער די פּלייצעס

**Zaplecznik,** שורה-זעלנער, וואָס שטייט הינטערן רוקן פון אַ צווייטן

**Zaplemieniać, zaplemienić** באַפעלקערן, באַזעצן מיט אַ שבט

**Zapleniać, zaplenić,** פאַרמערן; z. się — זיך פאַרמערן, צעוואַקסן

**Zapleszczeć,** נעמען פּליעסקען; טאָן אַ פּליעסק

**Zapleśniać, zapleśnić,** פאַרשימלען, באַדעקן מיט שימל

**Zapleśniałość,** פאַרשימלטקייט

**Zapleśniały,** פאַרשימלטער, באַדעקטער מיט שימל

**Zapleśnieć,** ווערן פאַרשימלט

**Zaplewiać, zaplewić,** פאַראומרייניקן מיט פּליעווע; פאַרשמוצן, פאַרברודיקן

**Zaplęgnąć się,** זיך צעפּרובפערן, צעמערן; זיך אויספּיקן

**Zaplęgnięty,** אויסגעפּיקטער, אויסגעבריטער; וואָס דאַרף זיך אויספּיקן

**Zaplot,** פאַרפלאָכטנס, פאַרפלעכט; געפלעכט; געפלאָכטענער צאָפּ, האָרפלעכט, האָרגרעק

**Zapluć, zapluwać,** פאַרשפּייען, באַשפּייען

**Zaplugawiać, zaplugawić,** פֿאַרמיאוסן, פֿאַרנמאסן, פֿאַרהעסלעכן; פֿאַרברודיקן, פֿאַרשמוצן, פֿאַרפֿאַטשקען; z. się — זיך פֿאַראומריינִיקן; איבערגעטר. זין: פֿאַרזינקען אין שמוץ

**Zapluskać, zapluskiwać,** פֿאַרפֿליעסקען, פֿאַרפֿליוכען, פֿאַרשפּריצן; איבערגעטר. זין: אָפּנאַרן, באַשווינדלען

**Zapluskwiać, zapluskwić,** פֿאַרוואַנצן, אָנפֿילן מיט וואַנצן

**Zapluwka,** פֿליגנאייעלעך, וואָס ווערן געלייגט אין אַ וואונד אָד. נבלה

**Zapłacić,** באַצאָלן, אָפּצאָלן; באַלוינען, פֿאַרגיטיקן; — Bóg z—ć! זאָל דיר גאָט באַצאָלן!

**Zapładniać, zapłodnić,** באַפֿרוכפּערן, פֿאַרשוואַנגערן, מאַכן שוואַנגער; z. się — זיך באַפֿרוכפּערן, ווערן פֿאַרשוואַנגערט

**Zapłakać,** נעמען וויינען, קלאָגן; z. nad kim — עמעצן באַוויינען

**Zapłakany,** פֿאַרוויינטער

**Zapłaszać, zapłoszyć,** צעפֿלאָשען, צעזייען, צעטרייבן, צעיאָגן; פֿאַרטרייבן, פֿאַריאָגן ביז א באשטימטן ארט

**Zapłata,** באַצאָל, באַצאָלונג, שכר, לוין; פֿאַרגיטיקונג

**Zapłatny,** באַצאָלבאַרער

**Zapław,** פֿאַרגוס, פֿאַרפֿלייצונג

**Zapławiać, zapławić,** פֿאַרגיסן, פֿאַרפֿלייצן

**Zapłazać,** פֿאַרפֿויזען, פֿאַרקריכן; דערפֿויזען, דערקריכן

**Zapłocić,** פֿאַרפֿלויטן, אַרומצוימען מיט אַ פּלויט

**Zapłocie,** אָרט הינטערן פּלויט

**Zapłodniciel,** באַפֿרוכפּערער, באַשוואַנגערער

**Zapłodnienie,** באַפֿרוכפּערונג, פֿאַרשוואַנגערונג

**Zapłomieniać, zapłomienić,** פֿאַרפֿלאַמען

**Zapłonąć,** (זיך) אויפֿברענען, אויפֿפֿלאַמען, אויפֿפֿלאַקערן; ווערן רויט, פֿאַררויטיקט; — z. miłością זיך צעפֿלאַמען מיט ליבע

**Zapłonić,** פֿאַרברענען, פֿאַרכאַפּן מיט פֿייער; מאַכן אומפֿרוכטבאַר

**Zapłoniony,** פֿאַרברענטער; פֿאַראומפֿרוכטבאַרטער; פֿאַררויטיקטער פֿון בושה

**Zapłotki,** אָרט צווישן די פּלויטן

**Zapłowić,** מאַכן אָפּגעקראָכן, אָפּגעבליאַקעוועט

**Zapłowieć,** ווערן אָפּגעקראָכן, אָפּגעבליאַקעוועט

**Zapłód, zapłodek,** באַפֿרוכפּערונג; פֿרוכט; ולד

**Zapłótnieć,** ווערן ווייס ווי לייוונט

**Zapłukać, zapłókać,** נעמען שווענקען; אויסשווענקען

**Zapływ,** פֿאַרשווימונג, פֿאַרפֿליסונג; דערפֿליסונג

**Zapływać, zapłynąć,** פֿאַרשווימען; דערשווימען; פֿאַרפֿליסן, דערפֿליסן; — z. krwią פֿאַרלויפֿן מיט בלוט

**Zapobiec, zapobiegać, zapobieżeć,** פֿאַרהיטן, לכתחילה איינהיטן, נישט דערלאָזן, פֿאַרכאַפּן; זיך אַרומפֿאָרען

**Zapobiegawczy,...** פֿאַרהיטונגס..., איינהיטונגס..., פֿאַרהיטנדיקער, איינהיטנדיקער; — środek z. פֿאַרהיטונגסמיטל

**Zapobiegi,** באַמיונגען צו אַ באַשטימטן ציל אָד. צו פֿאַרהיטן פֿון עפּעס

**Zapobiegliwie,** פֿאַרהיטנדיק, איינהיטנדיק; פֿאָרזיכטיק, זאָרגעוודיק

**Zapobiegliwość,** פאַרהיטנדיקייט, איינהיטנדיקייט; פאָרזיכטיקייט, זאָרגעוודיקייט

**Zapobiegliwy,** פאַרהיטנדיקער, איינהיטנדיקער; פאָרזיכטיקער, זאָרגעוודיקער, זאָרגפולער

**Zapobieżenie,** פאַרהיטונג, איינהיטונג פון בייז, מחלות אדג״ל; פאַרהיטונגסמיטל, איינהיטונגסמיטל; פּרעזערוואַטיוו

**Zapobieżny,** איינהיטבאַרער, פאַרהיטבאַרער

**Zapocić,** פאַרשוויצן, באַדעקן מיט שווייס; z. się — זיך פאַרשוויצן; z. czoło — האָרעווען מיט שווייס

**Zapocząć, zapoczynać,** מאַכן אַן אָנהייב, אַ התחלה; אָנהייבן, אָנפאַנגען; z się — זיך אָנהייבן

**Zapoczęcie,** אָנהייב, אורשפּרונג

**Zapodziać, zapodziewać,** פאַרריקן, פאַרשטעקן, אַהינטאָן, פאַרוואַרפן; z. się — זיך אַהינטאָן; זיך פאַרריקן, פאַרשטעקן

**Zapoiciel,** אָנפּאָיער, אָנטרינקער

**Zapoić,** נעמען אָנפּאָיען, אָנטרינקען; פאַרטרינקען, פאַרגיסן

**Zapole,** אָרט הינטער אַ פעלד; שטאַל-מחיצה

**Zapolnica,** שטאַל-מחיצה; קאַסטן פאַר תבואה

**Zapolny,** וואָס ליגט הינטערן פעלד

**Zapolować,** נעמען גיין אויף יאַגד; פאַרמאַטערן מיט יאַגד

**Zapomagać, zapomóc,** אונטערשטיצן; z. się — זיך אונטערשטיצן; ווערן פאַרמעגלעך

**Zapomin,** פאַרגעס

**Zapominać, zapomnieć, zapomnąć,** פאַרגעסן; z. się — זיך פאַרגעסן; ווערן פאַרגעסן; אַרויס פון די כּלים, פאַרלירן דאָס גלייכגעוויכט

**Zapominalska,** פאַרגעסערין; צעשטרייטע פרוי

**Zapominalski,** פאַרגעסער; צעשטרייטער מענטש

**Zapominanie,** פאַרגעסונג; z. się — דאָס פאַרגעסן זיך; דאָס נישט הערשן איבער זיך

**Zapomniałość,** פאַרגעסנקייט, אומבאַהערשטקייט

**Zapomniały, zapomniany,** פאַרגעסענער; אומבאַהערשטער

**Zapomnienie,** פאַרגעסונג, שכחה

**Zapomny,** פאַרגעסנדיקער; פאַרגעסלעכער

**Zapomoga,** שטיצע, הילף, געלטשטיצע

**Zapomogowy...** שטיצע-..., הילפס-...; kapitał z. — הילפסקאַפּיטאַל

**Zapomożyciel,** שטיצער, אונטערשטיצער

**Zapomóżka,** קליינע שטיצע

**Zapomroczyć,** באַדעקן מיט פינסטערקייט, פאַרפינסטערן, פאַרחושכן

**Zapona,** קלאַמער, קלאַמרע, שנאָל, שפּילקע, קנעפּל; פאָרהאַנג

**Zaponica,** בראַנזאָלעט

**Zaponka,** קליינע קלאַמרע, שפּילקע; ספּינקע

**Zapopielać, zapopielić,** פאַרשיטן מיט אַש; פאַרוואַנדלען אין אַש; z. się — זיך באַדעקן מיט אַש

**Zapora,** פאַרשפּאַרער, פאַרריקער, ריגל; איבערגעטר. זין: שטערונג, מניעה; złamać wszystkie z—y — גובר זיין אַלע שוועריקייטן

**Zapościć,** נעמען פאַסטן

**Zapotnić,** פאַרשוויצן, באַדעקן מיט שווייס

**Zapotnieć,** ווערן פאַרשוויצט, באַדעקט מיט שווייס

**Zapotrzebować,** אָנהייבן ברויכן;
פאַרברויכן, פאַרנוצן ; z. czego—
באַדאַרפן ; פאָדערן, פאַרלאַנגען
אַ נויטווענדיקע זאַך

**Zapotrzebowanie,** פאַרברוי-
כונג ; באַדערפעניש

**Zapowiadacz, zapowiednik,** פאָרזאָגער, פאָרויסזאָגער;
באַקאַנטמאַכער ; פאַראָרדנער ;
פאַרווערער, פאַרבאָטער

**Zapowiadać, zapowiedzieć,** פאָרזאָגן, פאָרויסזאָגן; אָנ-
זאָגן, מבשר זיין ; באַקאַנט מאַכן ;
פאַראָרדענען, באַפעלן; פאַרווערן,
פאַרבאָטן ; וואָרענען, מתרה זיין ;
אַרעסטירן עמעצן — z. kogo ;
אַרויס- — z. komu pojedynek
רופן עמעצן אויף אַ דועל ; z.
אַנאָנסירן עמעצנס—komu kogo
וויזיט ; z. się — ווערן פאָרגע-
זאָגט, פאָרויסגעזאָגט ; צוזאָגן
יענעם אַ וויזיט

**Zapowiedni, zapowiedny,** וואָס איז נוגע דעם אָנזאָג, אָנ-
זאָגנדיקער ; פאָרזאָגנדיקער ; באַ-
קאַנטמאַכנדיקער,אַנאָנסירנדיקער;
פאַרווערנדיקער, פאַרבאָטנדיקער

**Zapowiednia,** אָנזאָגונג ; פאָרזאָ-
גונג, פאָרויסזאָגונג

**Zapowiedź,** אָנזאָג, בשורה ;
פאָרזאָג, פאָרויסזאָג; דועל-אַרויס-
רוף ; פאַראָרדענונג, באַפעל ;
פאַרווער, פאַרבאָט ; אַרעסט,
תפיסה ; z. małżeńska—חתונה-
בשורה אין קירכע

**Zapowietrzać, zapowietrzyć,** אָנשטעקן מיט פעסט

**Zapowietrzony,** אָנגעשטעקטער
מיט פעסט ; איבערגעטר. זין : פאַר-
שאָלטענער, פאַרהאַסטער

**Zapozew,** אַרויסרוף, אַרויספאָ-
דערונג, אויפפאָדערונג

**Zapoznać,zapoznawać,** באַ-
קענען, מאַכן באַקאַנט ; z. się—
זיך באַקענען, ווערן באַקאַנט

**Zapozwać, zapozywać,** אַרויסרופן, אַרויספאָדערן, אויפ-
פאָדערן בפרט אין געריכט

**Zapożyczać, zapożyczyć,** פאַרלייען, פאַרבאָרגן ; אָנמאַכן
חובות ; אָפלערנען פון יענעם ; z.
się—זיך פאַרבאָרגן

**Zapór,** פאַרשפּאַרונג, פאַרשליסונג ;
פאַרהאַלטונג, פאַרהאַרטונג; שטע-
רונג, מניעה, שוועריקייט

**Zapóźniać, zapóźnić,** פאַר-
שפעטיקן ; z. się — זיך פאַר-
שפעטיקן, פאַרזאַמען

**Zapracować, zapracowywać,** פאַרפּראַצעווען, פאַרהאָ-
רעווען ; פאַרדינען דורך פּראַצע ;
z. się — זיך פאַרפּראַצעווען

**Zapracowany,** פאַרפּראַצעוועטער,
פאַרהאָרעוועטער

**Zapragnąć,** באַגערן, נעמען לעבצן

**Zaprasować,** פאַרפּרעסן, אויס-
פּרעסן

**Zapraszać, zaprosić,** פאַר-
בעטן, איינלאַדן ; z. się — זיך
פאַרבעטן

**Zaprawa,** צוריכטונג, צווירצונג פּאַ-
טראַוועס; אין טעכניק : בוימאַטעריאַל :
ליים, קאַלך, גיפּס, צעמענט אדג"ל

**Zaprawdę,** באמת, אמתדיק,
בנאמנות, טאַקע, ריכטיק

**Zaprawiać, zaprawić,** צופּראַ-
ווען, צווירצן ; צוגעוויינען, איינ-
איבן ; אויספּאָרעמען, אויסגע-
שטאַלטיקן ; באַמיסטיקן פעלד ;
z. się—זיך צופּראַווען ; זיך צו-
געוויינען

**Zaprawiciel, zaprawiacz,** צופּראַווער, צווירצער ; צוגע-
וויינער, איינאיבער

**Zaprawiony,** צוגעפּראַװעטער, צו־געװירצטער ; אײנגעװײנטער, צו־געװײנטער, אײנגעאיבטער

**Zaprawnie,** געאיבט, געשיקט, געניט, דערפאַרן

**Zaprawność,** געאיבטקייט, גע־שיקטקייט, געניטקייט, באַהאַװנט־קייט, דערפאַרנקייט

**Zaprawny,** געאיבטער, געשיקטער, געניטער, דערפאַרענער

**Zaprażać, zaprażyć,** פאַרפּרעג־לען, נעמען פּרעגלען

**Zaprenumerować,** פאַרפּרענו־מערירן, אַבאָנירן, באַשטעלן
צייטונג, שריפט, ארט אין טעאטער אדג"ל

**Zaproponować,** פּראָפּאָנירן, פאָ־לייגן, פאָרשלאָגן

**Zaprosiciel,** פאַרבעטער, אײנלאַ־דער, גאַסט־אײנלאַדער

**Zaprosiny,** פאַרבעטונג, אײנלאַדונג

**Zaproszenie,** פאַרבעטונג, אײנ־לאַדונג, גאַסט־אײנלאַדונג

**Zaproszony,** פאַרבעטענער, אײנ־געלאַדענער

**Zaprowadzać, zaprowa-dzić,** אַװעקפירן, צופירן, דער־פירן ; אײנפירן, אַרײנפירן אין געברויך ; — z. się זיך אַרײנפירן; װערן אײנגעפירט

**Zaprowadziciel,** אַװעקפירער ; אײנפירער, אַרײנפירער

**Zaprowjantować** פאַרפּראָװיאַנ־טירן, באַזאָרגן מיט שפּײזאַרטיקלען

**Zaproże,** אָרט הינטער דער שװעל

**Zaprószać, zaprószyć,** פאַר־פּרושען, פאַרשטױבן ; — z. się זיך פאַרפּרושען, פאַרשטױבן

**Zapróżniać,** פאַרדרייען דעם קאָפּ; פאַרפּטרן צייט; פאַרבאַלעמוטשען; פאַרנעמען אַ לײדיק אָרט מיט אומ־נייטיקע הפצים ; — z. się זיך פאַרנעמען מיט נאַרישקייטן



**Zapryskać, zapryskn ąć, zaprysnąć,** נעמען שפּריצן ; טאָן אַ שפּריץ

**Zapryszczeć, zapryszczyć się,** װערן באַדעקט מיט פּריש־טשעס, װערן פאַרבלאָטערט

**Zaprza,** פאַרלייקענונג

**Zaprzać, zaprzeć,** נעמען פוילן פון היץ

**Zaprzałek,** מין געװיקס

**Zaprzaniec,** פאַרלייקענער ; אָפּ־װייכער, אָפּטריניקער, רענעגאַט

**Zaprząc, zaprzęgać,** פאַר־שפּאַנען, אײנשפּאַנען ; — z. się זיך אײנשפּאַנען

**Zaprząg,** אײנשפּאַן, געשפּאַן ; גע־שפּאַנפערד ; פערדצוג

**Zaprzątać, zaprzątnąć,** פאַר־לייגן מיט אומנייטיקע הפצים ; איבערגעטר. זין : פאַרנעמען, באַשעפ־טיקן, באַמיען, מטריח זיין ; z. so- bie głowę — זיך פאַרדרייען דעם קאָפּ ; z. się — זיך אַרומפּאָרען, אַרומפּאַדען

**Zaprzeczać, zaprzeczyć,** פאַרלייקענען, אָפּלייקענען

**Zaprzeczenie,** פאַרלייקענונג, אָפּ־לייקענונג, הכחשה

**Zaprzeczny,** פאַרלייקנבאַרער ; פאַרלייקנטער, ניִשט אָנערקענטער

**Zaprzeczyciel,** פאַרלייקענער, אָפּלייקענער

**Zaprzedać, zaprzedawać,** פאַרקױפן לצמיתות ; djabłu du-szę z. — פאַרקױפן דעם טײװל די נשמה ; z. się — זיך פאַר־קױפן לצמיתות

**Zaprzedaniec,** פאַרקױפבאַרער מענטש, שקלאַף, עבד, קנעכט ; פאַררעטער

**Zaprzednik,** רעדלפירער, אָנפי־רער ; װעגװײזער

**Zaprzepaszczać, zaprzepaścić,** פאַראָפּגרונטיקן; פאַר־לירן אויף אייביק געלט, פריינטשאַפט, שכל אדג״ל ; אומקומען, אונטערגיין

**Zaprzestać, zaprzestawać,** אויפהערן, אָפּלאָזן

**Zaprzeszły,** פאַרפאַרגאַנגענער

**Zaprzędać, zaprząść,** נעמען שפּינען ; פאַרשפּינען

**Zaprzęgacz,** איינשפּאַנער

**Zaprzęgać, zaprząc,** איין־שפּאַנען ; z. się—זיך איינשפּאַנען

**Zaprzęgły,** איינגעשפּאַנטער

**Zaprzęgowy,** איינשפּאַנ־..., וואָס דינט צום איינשפּאַנען ; z. koń—געשפּאַנפערד

**Zaprzężony,** איינגעשפּאַנטער

**Zaprzyjaźnić, zaprzyjaźniać,** באַפריינדן, פאַרבינדן מיט פריינטשאַפט ; z. się—זיך באַ־פריינדן

**Zaprzyjaźniony,** באַפריינדטער

**Zaprzysiąc, zaprzysięgać,** פאַרשווערן; פאַרזיכערן דורך אַ שבועה ; z. się—זיך פאַרשווערן; זיך פאַרפליכטן דורך אַ שבועה

**Zaprzysiężony,** פאַרשוואָרענער; באַשטעטיקטער דורך אַ שבועה

**Zapsnąć,** אַריינשטעקן, אַריינרוקן

**Zapstrzyć,** באַמאָלן מיט בונטע פאַרבן ; פאַרשמוצן, פאַרברודיקן פליגן, שפּינען אדג״ל

**Zapuchły, zapuchnięty,** פאַר־שוואָלענער, אויפגעשוואָלענער

**Zapuchnąć,** ווערן פאַרשוואָלן, אויפגעשוואָלן

**Zapucznieć,** ווערן אויפגעבלאָזן, אָנגעבלאָזן, אָנגעפּוישט

**Zapuczyć,** אויפבלאָזן, אָנבלאָזן, אָנפּוישן

**Zapudrować,** פאַרפּודערן, באַ־פּודערן





**Zapukać,** נעמען קלאַפּן ; אָנקלאַפּן

**Zapust,** בתולה־וואַלד

**Zapustek,** פאַרלאָזנס, אָפּגעלאָזנס; יונג איבערגעלאָזט וואַלדביימל

**Zapustnica, zapustniczka,** פאַסטערקע; פרוי, וואָס פראַוועט די פאַסטטעג פון קאַרנאַוואַל אָד. קאַרנאַוואַל־סעודה

**Zapustnik,** קריסט, וואָס פראַוועט די פאַסטטעג פון קאַרנאַוואַל אָד. די קאַרנאַוואַל־סעודה ; איבערגעטר. זין: עולם־הזהניק

**Zapustować,** פייערן די קאַרנאַ־וואַל־סעודה

**Zapusty,** לעצטע פאַסטטעג פון קאַרנאַוואַל

**Zapuszczać, zapuścić,** פאַר־לאָזן ; אַריינלאָזן ביז א געוויסן ארט ; פאַרנודען, פאַרטויכן, פאַרטונקען, פאַרזינקען; פאַרזעצן, פאַרשטעקן, אַריינשטעקן ; לייגן דעם גרונט־שטיין; לאָזן וואַקסן האר, נעגל אדג״ל; פאַרשטעלן, פאַרדעקן שלייער, פאר־האנג ; z. wzrok — אַריינשטעקן דעם בליק ; z. ogień—צעפלאַ־קערן אַ פייער ; z. twarz wsty-dem—זיך פאַררויטלען ; z. kro-wę — אויפהערן מעלקן די קו ; z. się — זיך אָפּלאָזן, פאַרנאַכ־לעסיקן ; זיך פאַרלאָזן ; זיך אַריינ־לאָזן ; אונטערנעמען

**Zapuszczański, zapuszczyński,** וואָס ליגט הינטערן וואַלד

**Zapuszcze,** לאַנד הינטערן וואַלד

**Zapuszczony,** פאַרלאָזענער, אָפּ־געלאָזענער, פאַרנאַכלעסיקטער

**Zapuszyć,** אַדורכנעמען, אַדורכ־דרינגען מיט...; באַגייסטערן

**Zapychać, zapchać,** פאַר־שטאָפּן ; z. się—זיך פאַרשטאָפּן; זיך אָנשטאָפּן, אָנפּרעסן

**Zapylać, zapylić,** פאַרשטויבן; אין באטאניק: באַפרוכפערן; **z. się** — זיך פאַרשטויבן; זיך באַפרוכפערן בלומען

**Zapylcowate,** מין ליליעגעוויקסן

**Zapylec,** מין געוויקס

**Zapytać, zapytywać,** פרעגן, נאָכפרעגן, זיך פרעגן; אַ פרעג טאָן

**Zapytanie,** פראַגע; **znak z–a**— פראַגעצייכן (?)

**Zarabiać, zarobić,** פאַרדינען; פאַרריכטן, פאַרלאַטען

**Zarachować,** פאַררעכענען על־פּי טעות; **z. się** — זיך טועה זיין אין חשבון; ווערן פאַרזונ־קען אין חשבון

**Zarada,** עצה, עצה־מיטל, פאַרהי־טונגסמיטל, איינהיטונגסמיטל

**Zaradczo** פאַרהיטנדיק, איינהיטנדיק

**Zaradczy,** פאַרהיטנדיקער, איינ־היטנדיקער

**Zaradność,** ראַטזאַמקייט; פאַר־היטנדיקייט, איינהיטנדיקייט; פאָר־זיכטיקייט

**Zaradny,** ראַטזאַמער, וואָס קען זיך אַן עצה געבן; פאַרהיטבאַ־רער; פאָרזיכטיקער

**Zaradować się,** זיך נעמען פרייען

**Zaradzać, zaradzić,** (זיך) געבן אַן עצה; פאַרהיטן, איינהיטן פון בייז; העלפן מיט אַן עצה; **z. sobie** — זיך אַן עצה געבן

**Zaradzać, zarodzić,** מאַכן פרוכטבאַר, באַפרוכפערן; אויס־פיקן, אויסבריען איי; שאַפן, גע־בירן; **z. się**—זיך באַפרוכפערן; זיך שאַפן, אַנטשטיין, געבוירן ווערן

**Zarajać, zaroić,** צעראָיען, צע־ווימלען, צעשווּיבלען פליגן, בינען, מוראשקעס אדג״ל

**Zaranić,** פאַרוואונדן

**Zaranie,** באַגינען, פאַרטאָג





**Zaranny,** באַגינענ־..., פאַרטאָג־..., באַגינענדיקער, פאַרטאָגיקער

**Zarastać, zarosnąć,** פאַר־וואַקסן, ווערן פאַרוואַקסן

**Zaraszać, zarosić,** באַטויען, באַדעקן מיט טוי

**Zaraszczać, zaroszczać, zarościć,** לאָזן פאַרוואַקסן; **z. ciasto**—פאַרראָשטשיניען טייג; **z. się** — זיך פאַרהיילן, פאַר־וואַקסן וואונד

**Zaratować,** אָפּראַטעווען, מציל זיין, אַרויסהעלפן

**Zaraz,** באַלד, גלייך, תּיכּף, תּיכּף־ומיד; די רגע, די מינוט; פאַר איין מאָל, מיט איין מאָל

**Zaraza,** מגפה, עפּידעמיע, פּעסט; אָנשטעקנדיקע קראַנקהייט; מין געוויקס

**Zarazek,** אָנשטעקונגס־סובסטאַנץ

**Zarazem,** גלייכצייטיק, איינצייטיק, אין דערזעלבער צייט; פאַראַמאָל, פאַר איין מאָל, מיט איין מאָל

**Zaraziciel,** אָנשטעקער; איבערגעטר. זין: דעמאָראַליזירער

**Zarazik kartoflany,** מין שוואָם

**Zarazowy,** מגפה־..., עפּידעמיע־..., מגפהשער, עפּידעמישער

**Zaraźliwie,** אָנשטעקנדיק, קלעפּיק

**Zaraźliwość,** אָנשטעקנדיקייט, קלעפּיקייט

**Zaraźliwy,** אָנשטעקנדיקער, קלע־פּיקער

**Zarażać, zarazić,** אָנשטעקן; איבערגעטר. זין: דעמאָראַליזירן; **z. się**—זיך אָנשטעקן

**Zarąb, zaręba,** האַקונג, אַרומ־האַקונג; אויסגעהאַקטער סימן אין אַ בוים

**Zarąbać, zarąbywać,** נעמען האַקן האָלץ; איינהאַקן, איינשניידן מיט דער האַק, שווערד אדג״ל

**Zarąbiać, zarąbić,** אַרומזוימען
**Zardzewiać,zardzewić** פאַר-ראָצן, פאַרזשאַווערן, פאַרראָסטן
**Zardzewiałość,** פאַרראָצטקייט, פאַרזשאַווערטקייט,פאַרראָסטקייט
**Zardzewiały,** פאַרראָצטער, פאַר-זשאַווערטער
**Zardzewieć,** ווערן פאַרראָצט, פאַרזשאַווערט
**Zaregestrować, zarejestrować,** פאַררעגיסטרירן, אַריינטראָגן אין דער ליסטע
**Zaregulować,** באַשליסן, באַ-שטימען
**Zarekrutować,** פאַררעקרוטירן, ווערבירן אין מיליטער
**Zarębacz,** שלעגער, שטעכער, מעסערשטעכער; קצב
**Zarębla,** אייזלאָך
**Zaręczać, zaręczyć,** ערוב זיין, גאַראַנטירן, פאַרזיכערן; פאַרקנסן; z się — זיך פאַרקנסן; שרייבן תנאים
**Zaręcze,** ערבות, משכון, פאַנט
**Zaręczenie,** ערבות, גאַראַנטיע; תנאים
**Zaręcznik, zaręczalnik,** גאַ-ראַנטירער, ערובניק
**Zaręczny,** ערבות-..., גאַראַנטיע-...; ערבותדיקער; list z. — פאַרזי-כערונגס-בריוו
**Zaręczona,** פאַרקנסטע
**Zaręczony,** פאַרקנסטער
**Zaręczyny,** תנאים; קנס-מאָל
**Zaręka,** ערבות, גאַראַנטיע; משכון
**Zarękawek,** שוצאַרבל
**Zarękawie,** עלנבויגן-פאַנצער
**Zarobek,** פאַרדינסט, רווח
**Zarobkować,** פאַרדינען, אויסאַר-בעטן אויף חיונה
**Zarobkowość,** פאַרדינסטלעב-קייט,נויטווענדיקייט צו פאַרדינען

**Zarobkowy,** פאַרדינסט-..., פאַר-דינסטלעכער; וואָס גיט פאַרדינסט
**Zarobnica,** האַנטווערקערין; אַר-בעטערין, פאַרדינערין
**Zarobnik,** האַנטווערקער, בעל-מלאָכה; אַרבעטער; פאַרדינער
**Zarobny,** פאַרדינבאַרער; פאַרדינ-טער, אויסגעאַרבעטער; רווחדי-קער, פרנסהדיקער
**Zarodek,** עמבריאָן, לייבפרוכט, שפראָצל, ולד
**Zarodkowy,** עמבריאָנ-..., לייב-פרוכט-..., ולדישער; אורשפרונג-לעכער, אָנהייבדיקער
**Zarodnia,** ספאָר-אָרגאַן ביי וואַסער-געוויקסן און שוואָמען
**Zarodnik,** ספאָר, בלומענזאָמען
**Zarodnikowce,** מין בלומען
**Zarogatkowy,** וואָס געפינט זיך הינטער דער ראָגאַטקע; הינטער-שטאָטישער
**Zaronić,** פאַרשטעקן, פאַררוקן, פאַרוואַרפן
**Zaroń, zaronie,** אומבאַאַרבע-טער באָדן
**Zaropiały,** פאַרראָפעטער, פאַר-אייטערטער
**Zaropić,** פאַרראָפען, פאַראייטערן; z. się — זיך פאַראייטערן, זיך אָנ-פילן מיט מאַטעריע
**Zaropieć,** ווערן פאַרראָפעט, פאַר-אייטערט
**Zaropka,** אין מעדיצין: אויגנפאַר-ראָפונג
**Zarosłość,** פאַרוואַקסנקייט, באַ-וואַקסנקייט
**Zarosły,** פאַרוואַקסענער, באַוואַק-סענער
**Zarosnąć, zarastać,** ווערן פאַר-וואַקסן, באַוואַקסן
**Zarost,** באָרדוואוקס; באָרד- און וואָנסנהאָר

**Zarośl, zaroślo,** געדיכטעניש, קוסטעס־געדיכטעניש, וואַלדגע־ דיכטעניש

**Zarośnięty,** פאַרוואַקסענער, באַ־ וואַקסענער

**Zarozumiale,** זיך־איבערשאַצנ־ דיק; פאַרריסנדיק ביי זיך

**Zarozumialec,** זיך־איבערשאַצנ־ דיקער, פאַרריסענער מענטש; פוסטער בעל־גאַווהניק

**Zarozumiałość,** זיך־איבערשאַ־ שאַצונג; גאַווהדיקע מיינונג וועגן זיך; פוסט־גאַווהדיקייט, גוזמהדי־ קע פוריע איינרעדעניש

**Zarozumiały,** זיך־איבערשאַצנ־ דיקער, פאַרריסענער, פוסט־ גאַווהדיקער

**Zaródź,** פּראָטאָפּלאַזמע, טרעגער פון לעבן אין אָרגאַניזם; באַשטאַנד־ טייל פון אַ געוועבקעמערל; איבערגעטר. זין: קוואַל, אורקוואַל; אורשפּרונג, אָנהייב, אָנפאַנג; זאָ־ מען, זרע

**Zarównać, zarównywać,** פאַרגלייכן, אויסגלייכן; אויסגלאַטן, אויסגלעטיקן; — z. z kim — זיך פאַרגלייכן צו עמעצן

**Zarówno,** אַלצאיינס, גלייך, גלייך ווי, אַזוי גוט ווי, אָן אונטערשייד

**Zaróżować,** פאַרראָזיקן, באַדעקן מיט אַ ראָזער פאַרב

**Zaróżowieć,** ווערן ראָזפאַרביק; זיך פאַררויטלען

**Zarudzić,** מאַכן טונקל־געל

**Zarumieniać, zarumienić,** פאַררויטיקן, פאַררויטלען; —z. się— זיך פאַררויטלען

**Zarumować,** פאַרוואַרפן, פאַר־ שטעקן, פאַררוקן

**Zaruszyć,** נעמען באַוועגן, שאָקלען, וואַקלען; z. się —זיך נעמען באַ־ וועגן, רירן





**Zarwa,** איינריס, ריס

**Zarwać, zarywać,** טאָן אַ ריס; נעמען רעדן; פאַרכאַפּן, פאַרנע־ מען; איבערגעטר. זין: אַרויסרופן צו דער לעקציע; z. nauki — באַ־ הערשן אויבערפלעכלעך אַ וויסנ־ שאַפט; z. nocy —וואַכן אַ טייל פון דער נאַכט; z. kogo —באַרגן און נישט אָפּגעבן; z. się —זיך איינרייסן, פלאַצן; איבעררייסן, אויפהערן רעדן

**Zarybek,** פיש־צעפּרוכפּערונג; פיש־ זאָמען

**Zarybiać, zarybić,** אָנפילן מיט פיש יעזשערע, טייך אדג״ל; באַפּרוכ־ פּערן מיט פיש־זאָמען

**Zarychtować,** ריכטן, צילן, צי־ לעוועו

**Zaryczeć, zaryknąć,** נעמען ריטשען; z. kogo —יענעם פאַר־ ריטשען

**Zaryć, zarywać,** פאַרגראָבן, איינגראָבן; z. się —זיך איינגראָבן

**Zarydzić,** מאַכן רויטברוין; פאַר־ רויטיקן

**Zarydzieć,** ווערן רויטברוין; ווערן פאַררויטיקט

**Zaryglować,** פאַרריגלען, פאַר־ מאַכן אויף אַ ריגל; z. się —זיך פאַרריגלען

**Zarynek,** הינטער־מאַרקפּלאַץ

**Zarypać, zarypnąć** נעמען לויפן; נעמען קלאַפּן, זעצן

**Zarys,** סקיצע; קורצע אָנצייכענונג פון אַן אַרבעט, אַפּהאַנדלונג אדג״ל

**Zarysować, zarysowywać,** פאַרריסעווען, פאַרצייכענען, פאַר־ דעקן מיט צייכענונגען; באַשרייבן, אָפּשילדערן אין אַלגעמיינע שטריכן; z. się —זיך פאַרצייכענען; איבערגעטר. זין: זיך פאָרשטעלן אין אַלגעמיינע שטריכן

**Zarząd,** פאַרוואַלטונג, אַדמיניסטראַציע; לייטונג; דירעקציע; miejsce z—u — פאַרוואַלטונגסאָרט, קאַנצעלאַריע

**Zarządca, zarządczyni,** פאַרוואַלטער(ין), אַדמיניסטראַטאָר(ין), לייטער(ין), דירעקטאָר(ין)

**Zarządzać, zarządzić,** פאַרוואַלטן, לייטן, אָנפירן; פאַראָרדענען, באַפעלן, אַרויסגעבן אַ באַפעל, אַ פאַראָרדענונג

**Zarządzający,** פאַרוואַלטנדיקער; איבערגעטר. זין: פאַרוואַלטער, אַדמיניסטראַטאָר, לייטער, דירעקטאָר

**Zarządziciel,** פאַרוואַלטער, פירער, לייטער, דירעקטאָר

**Zarzec, zarzekać,** אָפּשפּרעכן; z. się — זיך שווערן, פאַרשווערן; זיך אָפּזאָגן; z. się kogo — זיך אָפּזאָגן פון יענעם, איבעררייסן די באַציונגען

**Zarzeczanin,** איינוואוינער פון יענער זייט טייך

**Zarzecze,** הינטער־טייכגעגנט

**Zarzeczny,** וואָס ליגט אָד. וואוינט אויף יענער זייט טייך

**Zarzegotać, zarzechotać,** נעמען רעכאָטשען, קוואַקען; פאַרטויבן מיט פלאַפּלעניש

**Zarzewie, zarzew,** גליענדיקע קוילן; קוילנפונקען; פייערמאַטעריאַל, צינדמאַטעריאַל, צינדשטאָף; איבערגעטר. זין: סיבה פון אומצופרידנקייט; העצפונק

**Zarzewniać, zarzewnić,** רירן מאַכן גערירט

**Zarzezać,** פאַרשניידן, איינשניידן בפרט דעם האַלז; z. się — זיך איינשניידן

**Zarzępolić,** נעמען צימבלען, גרימפּלען אויף א שפילאינסטרומענט

**Zarzęzieć,** נעמען כאָרכלען



**Zarznąć, zarzynać,** פאַרשניידן, איבערשניידן דעם האלז; שעכטן; פאַרשניצן, פאַרשאַרפן; z. się — זיך שעכטן קעגנזייטיק; z. się w palec — זיך איינשניידן אַ פינגער

**Zarzucać, zarzucić,** פאַרוואַרפן; אָפּוואַרפן; אָפּלאָזן, פאַרנאַכלעסיקן; פאַררוקן, פאַרשטעקן; אַרויפוואַרפן אויף זיך קלייד, מאנטל אדג"ל; באַוואַרפן, באַשליידערן; באַשווערן, באַלעסטיקן; פאָרוואַרפן, אויסריידן; האָבן טענות; z. się — זיך פאַרוואַרפן; זיך צודעקן; זיך פאַרשטעקן, פאַררוקן

**Zarzuciciel,** פאָרוואַרפער

**Zarzut,** פאָרוואורף, אויסרייד, טענה; באַשולדיקונג, אָנקלאָגונג; bez z—u — אָן פאָרוואורף

**Zarzutka,** לייכטער דאַמענמאַנטל

**Zarzutki,** פאַרוואָרפענע זאַכן; poszło w z. — עס איז פאַרגעסן געוואָרן

**Zarzutliwy,** וואָס האָט אַ נטיה צו מאַכן פאָרוואורפן

**Zarzutnia,** פישנעץ

**Zarzutny, zarzutelny,** פאַרוואַרפבאַרער; פאָרוואורפבאַרער, פאָרוואורפלעכער

**Zarzygać, zarzygnąć,** נעמען ברעכן עס; פאַראומרייניקן מיט א״יס: עבראַכנס, מייקעכץ

**Zarzynacz,** איינשניידער, איבערשניידער; שעכטער

**Zarżeć,** נעמען הירזשען

**Zasaczyć,** אַרומרינגלען מיטן צוועק צו באַפאַלן ביי א יאגד

**Zasada,** פונדאַמענט, גרונט, סמך, יסוד, באַזע, שטיצפונקט; גרונטידיעה, איינפיר־ידיעה אין אַ וויסנשאַפט; פרינציפ; אַקסיאָמע; מאַקסימע; אויסגאַנגספונקט אין דענקען

**Zasadka,** פאַסטקע, פולאַפּקע

**Zawonieć,** נעמען דופטן, וואויל-
שמעקן ; דערשמעקן, דערשפירן
מיט דער נאָז

**Zawora, zawor,** פאַרמאַכער,
פאַררוקער, ריגל ; שטערונג,
מניעה ; פאַרמאַכונג, פאַרשליסונג;
קאַנאַל-פאַרשטאָפּונג אין אָרגאַניזם

**Zawornik,** שליסשטיין פון אַ גע-
וועלבונג

**Zawoskować, zawoszczyć,**
פאַרוואַקסעווען,באַציען מיט וואַקס

**Zawotować,** צושטימען בעת אַן
אָפּשטימונג

**Zawozić, zawieźć,** אָוועקפירן
מיט א פור, שיף אדג״ל ; צופירן

**Zawoźnik,** צופירער ; תבואה-
ליפעראַנט

**Zawoźny,** אַריינגעפירטער, צוגע-
פירטער,צוגעליפערטער,אימפּאָר-
טירטער

**Zawód,** אָוועקפיר, צופיר ; גיכער
לויף ; וועטלויף ; וועטלויפפּלאַץ,
היפּאָדראָם ; פאַך, פּראָפעסיע,
מלאָכה, באַרוף ; פאַרנעם, פאַר-
מעסט, אימפּעט ; אַרומפאָרעניש ;
אַנטטוישונג

**Zawódca, zawodziciel,** אַנט-
טוישער, האָפענונג-אַנטטוישער ;
אין געריכט : אויפפאָדערער צו א
פראצעס ; ערשטער אייגנטימער פון
אַ פאַרקויפטער נחלה; לווה

**Zawódka,** דאַמפערל ביי אַ מיל

**Zawój,** סטענגע; טורבאַן; קאָפּטיכל;
אין ארכיטעקטור ; מין זיילן-באַפּוצונג

**Zawóz, zawózka,** ; אָוועקפיר
צופיר, טראַנספּאָרט

**Zawracać, zawrócić,** פאַר-
קערן, פאַרקערעווען, פאַרדרייען
אין אַ זייט ; — z. głowę פאַר-
דרייען דעם קאָפּ ; — z. się זיך
פאַרקערעווען אין אַ זייט ; נעמען
שווינדלען קאפ

**Zawracanie,** פאַרקערונג, פאַר-
דרייונג ; אין שפאס : נאַרישקייט,
שטותעריי ; — z. głowy קאָפּ-
דרייעניש

**Zawrąbiać, zawrąbić,** אַרומ-
זוימען, באַזוימען

**Zawrewać,** נעמען קאָכן, זידן

**Zawrotnie,** פאַרקערנדיק, פאַר-
דרייענדיק ; שווינדלדיק, קאָפּ-
שווינדלדיק

**Zawrotny,** פאַרקערנדיקער, פאַר-
דרייענדיקער ; שווינדלדיקער,
קאָפּ-שווינדלדיקער ; אומוואַרשיינ-
לעכער, אוממעגלעכער ; וואָס
ליגט אויף יענער זייט טויער

**Zawrót,** פאַרדריי ; אויסבויג, אויס-
דריי ; פאַרוויקלונג, פאַרפּלאָנטע-
רונג ; דאַגה, זאָרג, קאָפּדרייעניש ;
כּאַס, מישמאַש ; — z. głowy
קאָפּשווינדל

**Zawróżyć,** נעמען פאָרזאָגן לויט
דער האנט, קארטן אדג״ל

**Zawrzask,** אומגעריכטער ליאַרעם,
געשריי, געוואַלד, געפּילדער

**Zawrzaskać, zawrzasnąć,**
נעמען ליאַרעמען, געוואַלדעווען,
פּילדערן, טומלען

**Zawrzeć, zawierać,** נעמען
קאָכן, זידן ; פאַרמאַכ פאַר-
שליסן ; אָפּמאַכן, אָפּשליסן

**Zawrzodowacić,** באַבלאָטערן,
באַדעקן מיט בלאָטערן

**Zawrzodowacieć,** ווערן באַ-
בלאָטערט,באַדעקט מיט בלאָטערן

**Zawrzodziałość, zawrze-
działość,** באַבלאָטערטקייט

**Zawrzodziały, zawrze-
działy,** באַבלאָטערטער

**Zawrzodzić,** באַבלאָטערן, באַ-
דעקן מיט בלאָטערן

**Zawrzodzieć,** ווערן באַדעקט
מיט געשווירן

**Zawstydzać, zawstydzić,** פאַרשעמען, שטעלן בחרפּה

**Zawstydziciel,** מביישניק, פאַר־שעמער

**Zawsze,** תּמיד, שטענדיק, אַלעמאָל

**Zawściąg,** צונויפצי, איינצי

**Zawściągacz, zawścięgacz,** צונויפציער, איינציער

**Zawściągać, zawściągnąć,** צונויפציען, צוזאַמענציען, איינציען; איבערגעטר. זין: אָפּהאַלטן, איינהאַלטן

**Zawściec się, zawściekną się,** ווערן ווילד, צעווילדעוועט, צעיושעט

**Zawściekły,** צעווילדעוועטער, צעיושעטער

**Zawściubiać, zawściubić,** אַריינשטעקן, אַריינרוקן

**Zawtórować, zawtórzyć,** אָפּענטפערן; אַקאָמפּאַנירן, באַגלייטן מוזיק, געזאַנג אדג״ל; איבער־חזרן, נאָכזאָגן

**Zawyć,** נעמען וואָיען, סקאַוואוייען; איבערגעטר. זין: נעמען יאָמערן

**Zawyrokować,** אַרויסטראָגן אַ פּסק־דין; פּסקענען, אורטיילן

**Zawziąć,** אָפּשליסן, אָפּמאַכן; z. przyjaźń — שליסן פריינטשאַפט; z. się — זיך אָנהייבן; זיך צע־וואַקסן; זיך אָנזעצן, אָנשטיין

**Zawziątek,** אָנהייב, אורשפּרונג; האַנטגעלט, אַדרויף; אָנגעהייבענע אונטערנעמונג

**Zawzięcie,** פאַרביסן, איינגע־עקשנט, איינגעשפּאַרט, איינגע־געסן; נקמה־גיריק

**Zawziętość,** פאַרביסנקייט, איינ־געשפּאַרטקייט, עקשנותדיקייט, איינגעגעסנקייט; נקמה־גיריקייט

**Zawzięty,** פאַרביסענער, איינגע־שפּאַרטער, פאַרעקשנטער, איינ־געגעסענער; נקמה־גיריקער

**Zawżdy, zawzdy, zawdy,** תּמיד, שטענדיק, אייביק

**Zazdrosny,** אייפערזיכטיקער; קנאה־גיריקער, אומפאַרגינענדיקער

**Zazdrostka,** פענסטער־פאָרהאַנגל

**Zazdrościć,** אייפערן; מקנא זיין; נישט פאַרגינען

**Zazdrość,** אייפערזוכט; קנאה

**Zazdrośnica, zazdrośniczka,** אייפערזיכטיקע פרוי; אומ־פאַרגינערין

**Zazdrośnie,** אייפערזיכטיק; מיט קנאה, אומפאַרגינעריש

**Zazdrośnik,** אייפערזיכטיקער מאַן; בעל־מקנא, אומפאַרגינער

**Zazdrowiec,** לחיים־כּוס

**Zazdrowny,** לחיים־אויסגעטרונ־קענער שנאַפּס, ווײַן

**Zazdybać,** כאַפּן, טרעפן אומגעריכט

**Zazębiać, zazębić,** איינשניידן מיט די ציין; פאַרציינדלען, פאַר־זאַמבען, מאַכן זאָמבעס

**Zazębienie,** פאַרציינדלונג; רע־דער־ציין

**Zazgrzytać, zazgrzytnąć,** נעמען קריצן מיט די ציין

**Zaziajać się,** זיך פאַרסאָפּען, פאַרדישען; זיך פאַרמאַטערן

**Zazieleniać, zazielenić,** באַ־גרינען, באַדעקן מיט גרינס; אָפּ־פאַרבן אויף גרין; z. się — זיך באַגרינען

**Zazielenieć,** ווערן באַגרינט, זיך באַדעקן מיט גרינס

**Zazierać, zajrzeć,** אַריינקוקן, אַריינבליקן; z. dokąd — ערגעץ אַריינקוקן, אַריינשמעקן, אַריינ־גיין אויף אַ ווײַלע

**Ziewać,** נעמען גענעצן

**Zaziębiać, zaziębić,** פאַרקילן, פאַרקעלטערן; z. się — זיך פאַר־קילן, צוקילן

**Zaziębienie,** פאַרקילונג, פאַרקעלטערונג, צוקילונג

**Zazięblina,** פאַרפרוירענער קערפּערטייל

**Zaziębłość,** פאַרפרוירנקייט, פאַרקעלטערטקייט

**Zaziębły,** פאַרפרוירענער, פאַרקעלטערטער; פאַרגליווערטער, פאַרשטייפטער

**Zaziębnąć,** ווערן דורכגעפרוירן, פאַרקעלטערט, פאַרקילט

**Zaziębnięty,** פאַרפרוירענער, פאַרקעלטערטער; פאַרקילטער

**Zazimować,** איבערווינטערן, פאַרברענגען איבערן ווינטער

**Zazionąć,** נעמען הויכן, ווייען, אָטעמען; ארומהויכן, באַהויכן, באַווייען

**Zazłacać, zazłocić,** באַגילדן, באַציען מיט גאָלד

**Zaznaczać, zaznaczyć,** באַצייכענען, אָנצייכענען; איבערגעטר. זין: אונטערשטרייכן, אַקצענטירן, באַטאָנען, לייגן דעם טראָפּ

**Zaznać, zaznawać,** (זיך) דערוויסן, דערגיין, געוואָר ווערן, דערקענען; דערפילן, דערשפירן; דערפאַרן, איבערלעבן

**Zaznajamiać, zaznajomić,** באַקענען; z. się—זיך באַקענען

**Zazuć, zazuwać,** אַרויפציען דעם שוך

**Zazwyczaj,** ס׳רוב, על־פּי רוב, ווי דער שטייגער, געוויינלעך, מערסטנס, מערסטנטייל

**Zazywać, zazwać,** צורופן; שיקן רופן, לאָזן רופן

**Zaźrebiać, zaźrebić,** פאַרשוואַנגערן אַ קליאַטשע; ווערן שוואַנגער קליאַטשע

**Zaż,** צי, צי טאַקע, צי באמת; שוין־זשע, נישט שוין־זשע

**Zażalenie,** אָנקלאָג, אָנקלאַגע; באַקלאָגונג, אָנקלאָגונג בפרט אין געריכט

**Zażalić,** אָנפילן מיט צער; z. się—זיך אָנפילן מיט צער; z. się na...—זיך באַקלאָגן אויף...; אַריינטראָגן אַן אָנקלאָג אויף...

**Zażałować,** פאַרבאַדויערן

**Zażarcie,** פאַרביסן, איינגעגעסן, איינגעשפּאַרט, איינגעעקשנט; צערייצט, צעיושעט, צעבושעוועט

**Zażartość,** פאַרביסנקייט, איינגעגעסנקייט, איינגעשפּאַרטקייט, איינגעעקשנטקייט; צערייצטקייט, צעיושעטקייט, צעבושעוועטקייט

**Zażartować,** נעמען שפּאַסן; מאַכן אַ שפּאַס, אַ וויץ, אַ המצאה

**Zażarty,** פאַרביסענער, איינגעגעסענער, איינגעשפּאַרטער, איינגעעקשנטער; צערייצטער, צעיושעטער, צעבושעוועטער

**Zażarzyć,** צעגליען, צעפלאַקערן, צעפייערן, צעברענען

**Zażądać,** פאָדערן, פאַרלאַנגען; באַגערן, גלוסטן

**Zażegacz,** אָנצינדער; אונטערצינדער; אָנהעצער, אונטערהעצער

**Zażegać,** אָנצינדן; אונטערצינדן; איבערגעטר. זין: אָנרייצן, אָנהעצן, אונטערהעצן; z. się—זיך צעברענען, צעפלאַקערן

**Zażeglować,** אָנקומען אויף אַ זעגלשיף

**Zażegnać, zażegnywać,** איבערצלמען; איינהיטן, אָפּהיטן, אָפּטאָן דאָס בייז; אָפּשפּרעכן קראַנקהייטן, עין־הרע אדג״ל; איבערגעטר. זין: אָפּווענדן אַן אומגליק; z. się—(זיך) לייקענען, אָפּלייקענען; צוזאָגן, געבן אַ וואָרט בפרט עפּעס נישט צו טאָן

**Zażenowany,** פאַרזשענירטער, פאַרשעמטער

**Zażerać, zażreć,** פאַרגריזשען; צעפרעסן; z. się — זיך פאַרגריזשען קעגנזייטיק

**Zażgać, zażgnąć,** דערהרגענען מיט אַ שפּיציק געווער, דערשטעכן

**Zażoga, zażega,** אָנצינדונג, אָנברענונג; ברענשטאָף; שריפה, בראַנד; איבערגעטר. זין: שטויס, שטויסקראַפט; ליידנשאַפטלעכע אויפרעגונג, צעהיצונג

**Zażółcać, zażółcić,** פאַרגעלבן, אָפּפאַרבן אויף געל

**Zażółknąć, zażółknieć,** ווערן געל, פאַרגעלבט

**Zażuwać, zażuć,** פאַרקייען, פאַרגריזשען

**Zażydzać, zażydzić,** פאַרייִדישן, באַאיינפלוסן מיט ייִדישע מנהגים, מידות, איינגעשאַפטן אדג״ל

**Zażyle,** איינגעלעבט; האַרציק, פאַרטרויט, באַפריינדט

**Zażyłość,** איינגעלעבטקייט, באַפריינטלעכקייט, האַרציקייט, פאַרטרויטקייט

**Zażyły,** איינגעלעבטער, באַפריינדטער, האַרציקער, פאַרטרויטער

**Zażymać, zażąć,** איינקנעטן, איינפרעסן, איינדריקן

**Zażynać, zażąć,** נעמען שניידן תבואה; פאַרשנייד, אָפּשניידן

**Zażywać, zażyć,** באַנוצן, גענייבן; פּרוּווּן, פּראָבירן, פאַרזוכן, געניסן, דערפאַרן; אויסנוצן, מאַכן אַ געברויך; z. szczęścia — געניסן פון גליק; z. kogo — יענעם אויסלאַכן, באַשווינדלען; z. lekarstwo — איינעמען אַ רפואה; z. tabaki — נעמען אַ שמעק טאַבאַק; z. truciznę — איינעמען סם; z. się — זיך איינלעבן, זיך באַפריינדן

**Zażywiać, zażywić,** באַשפּייזן, דערנערן

**Zażywka,** איינגענומענס; איינגענעמעכץ; אַלץ, וואָס מ׳נעמט אַריין אין קערפּער

**Zażywny,** נעברויכבאַרער, פאַרברויכבאַרער; פעטער, דיקער, אויסגעפּאַשעטער; באַמיטלטער, פאַרמעגלעכער

**Zażyźniać, zażyźnić,** באַפרוכפּערן, מאַכן פרוכטבאַר; z. się — זיך באַפרוכפּערן; ווערן פרוכטבאַר

**Ząb,** צאָן; z. mleczny — מילכ־צאָן; z—y sztuczne — קונסט־ציין; z—ami świecić — לעבע ציין; zgrzy-tać z—ami — שטשירען מיט די ציין; קריצן מיט די ציין; dać w z—y — געבן אין די ציין אַריין; איבערגעטר. זין: זאָמבעס, שפּיצן; babie z—y — מין געוויקס

**Ząbczasty,** געזאָמבעטער, געציינדלטער

**Ząbek,** ציינדל, קליינער צאָן; זאָמבע, שפּיץ

**Ząbkować,** באַפאַרזאָמבעווען; קומען די ערשטע מילכציינדלעך

**Ząbkowanie,** צייט פון די ערשטע מילכציינדלעך ביי אַ זויגקינד

**Ząbkowany,** געזאָמבעטער, געציינדלטער

**Ząbkowato,** געזאָמבעט, געציינדלט, געשפּיצט

**Ząbkowatość,** געזאָמבעטקייט, געציינדלטקייט, געשפּיצטקייט

**Ząbkowaty,** זאָמבאַרטיקער, ציינאַרטיקער, שפּיצאַרטיקער

**Ząbr,** מין ציינקראַנקהייט ביי פערד

**Ząbsko,** גרויסער מיאוסער צאָן

**Zbabić,** פאַרבאַבען, פאַרווייבערן

**Zbabieć,** ווערן פאַרבאַבעט, פאַרווייבערט

**Zbaczać, zboczyć,** אָפּווייכן, אָפּנויגן אין אַ זייט ; אַראָפּגיין פֿון גלייכן וועג ; — **z. z tematu** — אָוועקגיין פֿון דער טעמע

**Zbać się,** זיך דערשרעקן, זיך איבערשרעקן

**Zbadać,** אויספאָרשן, דערפאָרשן, דערגרונטעווען ; אונטערזוכן, באַטראַכטן

**Zbadany,** אויסגעפאָרשטער, דערפאָרשטער, דערגרונטעווטער ; אונטערגעזוכטער, באַטראַכטער

**Zbałamucić,** פאַרבאַלעמוטשען, פאַרדרייען דעם קאָפּ ; אַראָפּפירן פֿון גלייכן וועג ; — **z. dziewczynę** — פאַרפירן אַ מיידל ; — **z. czas** — פטרן צייט

**Zbałwaniać, zbałwanić,** צעשטורעמען, צעבוואַליען טייך, ים

**Zbałwanieć,** ווערן אַ נאַר, אַ שוטה

**Zbankrutować,** באַנקראָטירן, אָנזעצן, ווערן „פליטה"

**Zbaranieć,** ווערן נאַריש

**Zbarwić,** אָפּפאַרבן, אָפּמאַליעווען

**Zbasować,** אויסזידלען, אויסמוסרן, אויסשטראָפן

**Zbastować,** אויפהערן, פאַרענדיקן, מאַכן אַ סוף

**Zbatogować, zbatożkować** אָפּשמייסן, אַריינצימבלען

**Zbawca,** אויסלייזער, דערלייזער, גואל, מושיע

**Zbawczy,** אויסלייזנדיקער, דערלייזנדיקער ; אַרויסהעלפנדיקער, באַשיצנדיקער

**Zbawczyni,** אויסלייזערין, דערלייזערין

**Zbawiać, zbawić,** אויסלייזן, דערלייזן ; אַרויסראַטעווען, אַרויסהעלפן ; צונעמען, אָפּנעמען ביי יענעם ; — **z. się** — זיך אויסלייזן, דערלייזן ; זיך אַרויסהעלפן

**Zbawiciel,** אויסלייזער, דערלייזער, גואל, גואל-ומושיע

**Zbawicielski,** אויסלייזער-..., דערלייזער-..., אויסלייזערישער, גאולהדיקער

**Zbawienie,** אויסלייזונג, דערלייזונג, גאולה, ישועה

**Zbawiennie,** אויסלייזנדיק, אַרויסהעלפנדיק ; ווירקזאַם ; לייטזעליק

**Zbawienność,** אויסלייזבאַרקייט, דערלייזבאַרקייט ; ווירקזאַמקייט ; לייטזעליקייט

**Zbawienny,** אויסלייזנדיקער, אַרויסהעלפנדיקער ; ווירקזאַמער; לייטזעליקער ; — **z. wpływ** — ווירקזאַמע לייטזעליקע השפּעה

**Zbawiony,** אויסגעלייזטער, דערלייזטער

**Zbazgrać,** אָנשמירן, אָנפּאַטשקען

**Zbąblać, zbąblić,** פאַרוואַנדלען אין בלעזלעך

**Zbebeszyć,** צעוואַרפן אין אַן אומאָרדענונג

**Zbeczeć się,** זיך איינמידן פֿון וויינען ; זיך צעוויינען

**Zbełtać,** צעמישן פליסיקייטן

**Zbereżeństwo,** שפּאַס, המצאה, חוזק-שפּיצל, חכמהלע

**Zbereżnik,** שפּאַסטרייבער, חוזק-מאַכער, לץ

**Zbestwiałość,** צעווילדעוועטקייט, פאַרחיהשטקייט

**Zbestwić,** ווערן צעווילדעוועט, צעיושעט, פאַרחיהשט

**Zbesztać,** אָנזידלען, אָנמוסרן, אָנשטראָפן

**Zbezbożnić,** מאַכן אומגאָטספאָרכטיק, גאָטלאָז

**Zbezbożnieć,** ווערן אומגאָטספאָרכטיק, גאָטלאָז

**Zbezczeszczać, zbezcześcić,** שענדן, מבזה זיין ; באַערדן

**Zbezecnić,** שענדן, מבזה זיין
**Zbezpieczać, zbezpieczyć,** פֿאַרזיכערן ; מאַכן דרייסט
**Zbezpiecznieć,** ווערן פֿאַרזי־כערט ; ווערן דרייסט
**Zbezwładniać, zbezwładnić,** פֿאַראָנמעכטיקן, מאַכן אָנ־מעכטיק
**Zbezwładnieć,** ווערן אָנמעכטיק
**Zbędnie,** איבעריק, נישט נייטיק, נישט נוצלעך
**Zbędny,** איבעריקער, נישט נייטי־קער, נישט נוצלעכער
**Zbiczować,** אויסשמייסן מיט דער בייטש
**Zbiednieć,** ווערן פֿאַראָרעמט
**Zbiedzić,** פֿאַראָרעמען, מאַכן אָרעם
**Zbieg,** צונויפֿלויף, צונויפֿטרעף ; צונויפֿפֿלוס, צונויפֿפֿלוספּונקט ; דעזערטער, אַנטלאָפֿענער ; z. — okoliczności ב״ש : צונויפֿ־לויף פֿון די אומשטענדן געמיינט : צופֿאַל, טראַף
**Zbiegać, zbiec,** אַראָפּלויפֿן ; אַנטלויפֿן, אַנטרינען ; אַוועקלויפֿן, דעזערטירן ; פֿאַרבײַלויפֿן, אַדורכ־לויפֿן ; z. się — זיך אָנלויפֿן ; זיך צונויפֿלויפֿן ; איינלויפֿן פֿון וואַשן
**Zbiegały, zbieżały,** אָנגעלאָ־פֿענער, מידער פֿון לויפֿן
**Zbiegiwać,** אַראָפּלויפֿן, אַרונטער־לויפֿן פֿון צייט צו צייט
**Zbiegły,** אַנטלאָפֿענער, אַנטרונע־נער; אָפּגעפֿלאָסענער, פֿאַרגאַנגע־נער משך, טערמין אדג״ל ; דעזערטער
**Zbiegowisko,** אָנגעלויף, אָנגעלאַף
**Zbiegowski,** דעזערטער־..., דע־זערטערישע־
**Zbiegowstwo, zbiegostwo** דעזערציע, דעזערטירונג, פּליטה בפֿרט פֿון מיליטער
**Zbieleć,** ווערן ווייס

**Zbielić,** מאַכן ווייס
**Zbieractwo,** זאַמלערײַ
**Zbieracz,** זאַמלער ; קאָלעקציאָנער
**Zbierać, zebrać,** זאַמלען, קלייבן; אָנזאַמלען, אָנקלייבן ; צונויפֿזאַמ־לען, צונויפֿקלייבן ; z. nogi — מאַכן פֿיס, אַנטלויפֿן; z. owoce — אָנזאַמלען פּירות ; z. ze stołu — אַראָפּרוימען פֿון טיש ; z. się — זיך אָנזאַמלען, אָנקלייבן ; זיך צו־נויפֿזאַמלען, צונויפֿקלייבן
**Zbieraki,** ווילדע גענז, וואָס זאַמ־לען זיך צונויף אין שפּעטן פֿרילינג
**Zbieralnik,** זאַמל־כּלי; זאַמלפּונקט
**Zbieranina, zebranina, zbieranka,** אָנזאַמלעניש, אָנ־קלייבעניש ; אָנגעלויף, המון
**Zbierka, zbirka,** אָנזאַמלונג, אָנ־קלייבונג
**Zbiesić się, zbiesieć,** ווערן צעווילדעוועט, צעיושעט ; אַריינ־פֿאַלן אין ווילדן גרימצאָרן
**Zbieżność,** צונויפֿטרעפֿבאַרקייט ; ענלעכקייט
**Zbieżny,** צונויפֿטרעפֿבאַרער, צו־נויפֿקומבאַרער; ענלעכער
**Zbieżysty,** שיפֿער, משופּעדיקער
**Zbijacz,** אָפּשפּאַרער, איינווענדער אין א וויכוח, מחלוקת אדג״ל
**Zbijać, zbić,** אָפּשלאָגן, אָפּשפּאַרן, אָפּפּרעגן ; אַראָפּשלאָגן, אַראָפּ־שטויסן ; אָנשלאָגן, אָנקלאַפּן ; צונויפֿקלייבן, אָנקלייבן; צעברעכן, צעקלאַפּן בפֿרט גלאָז ; z. się — זיך צעקלאַפּן, צעברעכן ; זיך צו־נויפֿקלייבן, אָנקלייבן ; זיך צע־שלאָגן, צעממיתן קעגנזייטיק ; זיך צונויפֿטרעפֿן, צונויפֿקומען ; זיך אַרומשפּאַרן אין א וויכוח ; z. grosze — קלייבן א גראָשן צו א גראָשן ; z. nieprzyjaciela — צעקלאַפּן דעם שונא

**Zbijalnia,** מערדערנאָרע, רוצחים־מלינה

**Zbiorek,** קליינע זאַמלונג, קליינע קאָלעקציע

**Zbiornia,** זאַמללאַגער

**Zbiornik,** וואַסערזאַמלער, וואַסער־באַסיין, רעזערוואואַר

**Zbiorowisko,** אָנגעלויף, המון, מאַסע, מחנה; געוויקסן און חיות פון אַ באַשטימטן טיפּ

**Zbiorowo,** קאָלעקטיוו, געמיינזאַם, געזעלשאַפטלעך

**Zbiorowy,** קאָלעקטיווער, געמיינזאַמער, געזעלשאַפטלעכער

**Zbiór,** זאַמלונג; אָנגעקליבנס, אָנגעזאַמלטס; — z. praw געזעצנזאַמלונג, קאָדעקס; — z. zboża תבואה־זאַמלונג, תבואה־שניידונג; z—y רייכטימער; קאָלעקציע; מענטשן־המון, מאַסע; אין אריטמעטיק: סומע, סכום

**Zbiórka,** פאַרזאַמלונג; תבואה־קלייבונג

**Zbir, zbier,** תליון־געהילף; אכזר, טיראַן, באַנדיט; היצעל

**Zbirostwo, zbirowstwo, zbirstwo,** פאַך פון תליון־געהילף; באַנדיטיזם

**Zbitek,** צונויפגעקלאַפּטס, צונויפגעקלעפּטס; צונויפקלאַפּעכץ, צונויפקלעפּעכץ; אויסגעמאַטערטע בהמה

**Zbitować,** צעטיילן, פאַנאַנדער־טיילן

**Zbity,** צעשלאָגענער, צעמזיקטער; פאַרמאַטערטער, מידער

**Zbladły,** בלייך־געוואָרענער

**Zbladnąć, zblednąć, zbledniec,** ווערן בלאַס, בלייך; אָפּקריכן, אָפּבליאַקירן

**Zbladzić, zbledzić,** מאַכן בלאַס, בלייך

**Zblagować,** אָפּנאַרן; אָנבלאָפן

**Zblakować, zblaknąć,** אָפּבליאַקעווען, אָפּבליאַקירן, אָפּקריכן, אָפּשיסן

**Zblamować,** מאַכן פאַרשעמען; מבולבל, צעטומלט, אַריינברענגען אין פאַרלעגנהייט; — z. się זיך שטעלן בחרפה, זיך קאָמפּראָמיטיר

**Zblazować,** ווערן מיד

**Zbleszeć,** ווערן נאַריש

**Zbliska,** פונדערנאָענט, פון נאָענט

**Zbliżać, zbliżyć,** דערנענטערן, צורוקן, צושאַרן; איבערגעטר. זין: באַפריינדן; — z. się זיך דערנענטערן, גענענען

**Zbliżony,** דערנענטערטער; ענלעכער

**Zbliższa,** נאָענטער, פון אַ נאָענטערן פונקט

**Zbluć, zbluwać,** אויסברעכן, אויסמייקענען

**Zbluzgać,** באַשפּריצן, באַפּליעסקען, באַכליאַפּען

**Zbluźnić,** נעמען לעסטערן

**Zbłagać,** אויסבעטן, איינבעטן מיט תחנונים; — z. się זיך לאָזן איבערבעטן

**Zbłamować,** צוזאַמענגייען קליינע פעלכלעך אין פעל־בלאַמען

**Zbłaźnić,** מאַכן פאַר אַ לץ; מאַכן לעכערלעך, קאָמיש; — z. się זיך מאַכן לעכערלעך; זיך קאָמפּראָמיטירן, זיך באַנאַרישן

**Zbłądzić,** באַגיין אַ פעלער, מאַכן אַ טעות; פאַרבלאָנדזשען, פאַרבלאָנקען; אַראָפּגיין פון גלייכן וועג

**Zbłąkać,** אַריינפירן אין אַ טעות; אַראָפּפירן פון גלייכן וועג; — z. się זיך פאַרבלאָנקען, פאַרבלאָנדזשען

**Zbłękitnić,** מאַכן הימלבלוי

**Zbłękitnieć,** ווערן הימלבלוי

**Zbłocić,** פאַרבלאָטיקן, פאַרשמירן מיט בלאָטע; **— z. się** —זיך פאַרבלאָטיקן, פאַרסאַרגען

**Zbłotnieć,** ווערן פאַרבלאָטיקט; (זיך) פאַרוואַנדלען אין בלאָטע

**Zbocze,** באַרגזייט, באַרגרוקן

**Zboczenie,** אָפּווייכונג, אָפּנייגונג, אָפּוועגדונג; **— z. umysłowe** גייסטיקע אָפּנייגונג, גייסטיקע קראַנקהייט; **— z. z drogi** — אָפּווייכונג פון וועג

**Zbocznie,** אָפּווייבנדיק; זייטיק, פון דער זייט

**Zboczność,** אָפּווייבנדיקייט; זייטיקייט

**Zboczny,** אָפּווייבנדיקער; זייטיקער, זייטנוועגיקער

**Zbogacać, zbogacić,** באַרייכערן; **—z. się** —זיך באַרייכערן

**Zbogacieć,zbogatnieć,** ווערן רייך, נגידיש

**Zboisko,** פלאַץ פאַר גימנאַסטישע איבונגען אָד. פאַר דרעשן תבואה

**Zbojować,** אויסקעמפן; איינגעמען, באַזיגן, באַהערשן

**Zbolałość,** אָנגעווייטיקטקייט, צעווייטיקטקייט

**Zbolały,** אָנגעווייטיקטער, צעווייטיקטער; פאַרגריזשעטער, פאַריאָדעטער, פאַרעגמת-נפשטער

**Zborgować,** אויסבאָרגן, אַוועקבאָרגן, אַוועקלייען; **— z. się** — זיך פאַרשולדיקן אין חובות

**Zborowy,** פאַרזאַמלונג-..., געמיינדע-..., קהילה-...; וואָס איז נוגע דער עוואַנגעלישער קירכע אָד. דעם פּראַוואָסלאַוונעם סאָבאָר

**Zborzyszcze, zborzysko,** פאַרזאַמלונג, סינאָד; סאָבאָר פון איינער פון די עוואַנגעלישע אמונות

**Zbość,** צעבאָדזשען; פאַרבאָדזשען מיט די הערנער; אַרויסשטופּן, אַרויסיאָגן, אַרויסטרייבן; באַזיגן, גובר זיין, מנצח זיין; פאַרוויסטן, פאַרניכטן; אויסהאַלטן, אַריבערטראָגן

**Zbożać, zbożyć,** מאַכן פרום, גאָטספאָרכטיק; **— z. się** — ווערן פרום, גאָטספאָרכטיק

**Zbożany,** תבואה-..., תבואהדיקער

**Zboże,** תבואה

**Zbożnie,** פרום, גאָטספאָרכטיק

**Zbożność,** פרומקייט, גאָטספאָרכטיקייט, יראת-שמיימדיקייט

**Zbożny,** פרומער, גאָטספאָרכטיקער

**Zbożorodny,** וואָס גיט אַרויס אַ סך תבואה באדן

**Zbożowy,** תבואה-..., תבואהדיקער

**Zbożówka,** מין פלאַטערל

**Zbożysko,** תבואה-פעלד; שלעכטע תבואה

**Zbożysty,** תבואה-רייכער, תבואה-שפעדיקער

**Zbój, zbójca, zbójnik,** באַנדיט, רויבער, גזלן, מערדער, רוצח

**Zbójcokryty,** וואָס באַהאַלט אויס מערדער

**Zbójcomorski,** ים-רויבער-..., פּיראַט-..., ים-רויבערישער, פּיראַטישער

**Zbójczy,** באַנדיט-..., רויבער-..., באַנדיטישער, רויבערישער

**Zbójczyni,** באַנדיטין, רויבערין, גזלנטע; מערדערין, רוצחטע

**Zbójecki,** באַנדיט-..., באַנדיטישער, רויבערישער; מערדער-..., מערדערישער, רוצחישער

**Zbójecko,** באַנדיטיש, מעשה באַנדיט, רויבעריש, גזלניש

**Zbójeckość,** באַנדיטישקייט, רויבערישקייט

**Zbójectwo,** באַנדיטעריי, רויבעריי

**Zbójować,** זיך באַשעפטיקן מיט באַנדיטיזם, רויבעריי

**Zbór,** פאַרזאַמלונג; סינאָד, סאָבאָר; מיטגלידער פון אַן עוואַנגעלישער קהילה; רעפאָרמירטע קירכע

**Zbóstwić,** פאַרגעטערן, פאַרגעט-לעכן

**Zbracić, zbratać,** פאַרברידערן

**Zbraknąć, zabraknąć,** פאַר-פעלן, אויספעלן

**Zbrakować,** פאַרבראַקירן

**Zbraniać, zbronić,** פאַרטיידיקן, באַשיצן; פאַרווערן, פאַרבאָטן; z. się—זיך פאַרטיידיקן; שטעלן אַ ווידערשטאַנד; z. czego—עפעס פאַרווערן

**Zbredzić,** זאָגן אַ נאַרישקייט

**Zbroczeć,** ווערן פאַריוכעט, פאַר-גאָסן מיט בלוט

**Zbroczyć,** פאַרשפּריצן, פאַרגיסן, פאַרכליאַפּען בפרט מיט בלוט

**Zbrodnia,** פאַרברעכן, זינד; מאָרד

**Zbrodniarka,** פאַרברעכערין; מערדערין, רוצחטע

**Zbrodniarz,** פאַרברעכער; רוצח, מערדער

**Zbrodniczo,** פאַרברעכעריש

**Zbrodniczy, zbrodniarski,** פאַרברעכער-..., פאַרברעכערי-שער; מערדער-..., מערדערישער

**Zbrodzić,** אַדורכבראָדיען, אַדורכ-שפּאַנען א טייך, זומפּ אדג״ל; דער-טיפן, דערפאָרשן, דערגרונטעווען; איבערגעטר. זין: דערקענען ביזן גרונט

**Zbrodzień,** פאַרברעכער, קרימי-נעלער פאַרברעכער, מערדער

**Zbrodzony,** דורכגעבראָדיעטער טייך, זומפּ אדג״ל; דערפאָרשטער, דערגרונטעווטער

**Zbroić,** באַוואָפענען; אָפּטאָן א שפּיצל, נארישקייט אדג״ל; z. się — זיך באַוואָפענען

**Zbroisko,** שלעכט צרהדיק געווער

**Zbroiwięź,** מין פּ׳ ב׳ טעקטאָנישע באַפוצונג

**Zbroja, zbroica,** געווער, וואָפן, כלי-זין; איבערגעטר. זין: באַשיצונג, באַשירעמונג

**Zbrojeń,** מין ים-מושל

**Zbrojnia,** מין פיש

**Zbrojnie, zbrojno,** באַוואָפנט

**Zbrojnobok,** וואָפנפיש

**Zbrojnogrzbiet,** מין פיש

**Zbrojnoleść,** מין פיש

**Zbrojnoskrzel,** מין פיש

**Zbrojny,** באַוואָפנטער

**Zbrojonośny,** וואָפנטראָגנדיקער, באַוואָפנטער

**Zbrojownia,** וואָפנמאַגאַזין, אַרסע-נאַל; וואָפנקאָלעקציע

**Zbrojownik, zbrojnik,** וואָפנ-ריטער, וואָפנקריגער; וואָפנאויס-אַרבעטער

**Zbrojowny,** וואָפנמאַגאַזינ-..., אַר-סענאַל-..., אַרסענאַלישער

**Zbrojowy,** וואָפנ-..., וואָפנדיקער

**Zbronnie, zbronno,** פאַרווערט, פאַרבאָטן; צעבונטעוועט

**Zbronny,** פאַרווערטער, פאַרבאָ-טענער; צעבונטעוועטער

**Zbronować,** פאַרבראָנעווען

**Zbrój, zbrójka,** וואָפן, געווער, כלי-זין

**Zbróździć,** מאַכן אַקערשניטן אין באָדן; צעקנייטשן, צעפאַלדעווען, צערונצלען; זינדיקן; שטערן, צעשטערן, קאַליע מאַכן

**Zbrudzić, zbrukać,** פאַרברו-דיקן, פאַרשמוצן, פאַראומרייניקן

**Zbrunacić, zbrunatnić,** פאַר-ברוינען, מאַכן ברוין

**Zbrykać, zbryknąć,** צעברי-קעווען, צעדריגען מיט די פיס פערד; z. się—זיך צעבריקעווע

**Zbryzgać,** פאַרשפּריצן

**Zbrzechać,** ארײַנשקרענען, אַרײַנ- זאָגן אַ גראָבן ליגן

**Zbrzeżny,** ב־עג־..., ברעגיקער; ראַנד־..., ראַנדיקער

**Zbrzydnąć,** ווערן מיאוס, העס- לעך; ווערן פאַרמיאוסט, נמאס, צוגעגעסן, איבערדריסיק; życie z—dło mu — דאָס לעבן איז אים נמאס געוואָרן

**Zbrzydzić,** פאַרמיאוסן, פאַרנמאסן, פאַרהעסלעכן, מאַכן פּריקרע

**Zbuchać,** אָנבוכען, אָנבויקערן, אָנקלאַפּן; אַוועקגנבענען, אַוועק- לקחענען

**Zbudować,** אויפבויען, אויפשטעלן אַ בנין; איבערגעטר. זין: פאַרפעס- טיקן, פאַרגרונטעווען; nie od razu Kraków z—ano — נישט מיטאַמאָל איז קראָקע אויפגעבויט געוואָרן געמיינט: מען קען נישט מאַכן אַלץ פאַר איין מאָל; z. się — זיך אויפבויען

**Zbudowany,** אויפגעבויטער; dobrze z.—גוט געבויטער

**Zbudziciel,** אויפוועקער, דערווע- קער, אָנרעגער

**Zbudzić,** אויפוועקן, דערוועקן; z. się—זיך אויפוועקן, אויפכאַפּן

**Zbujać się,** זיך צעוויגן; זיך צע- ווילדעווען, צעיושען

**Zbujały, zbujany,** צעוויגטער; צעווילדעוועטער, צעיושעטער

**Zbuk,** פאַרשטונקען איי

**Zbukły,** פאַרשטונקענער אי־

**Zbun,** מין זומפּ־קאַטשקע

**Zbuntować,** צעבונטעווען, אויפ- העצן; z. się—זיך צעבונטעווען

**Zburczyć,** אויסריידן, פאָרוואַרפן

**Zburkować,** פאַרברוקירן

**Zburzka,** שטורעם; בונט, מרידה

**Zburzyciel,** צעשטערער, פאַר- ניכטער, משחית

**Zburzyć,** צעשטערן, פאַרניכטן, צערואינירן; צעשטורעמען, צע- בושעווען; z. się — זיך צע- שטערן; זיך צעבונטעווען

**Zbutelkować, zbutlować,** אָנצאַפּן אין פלעשער

**Zbutwiały,** צעפוילטער, פאַר- פוילטער

**Zbutwieć,** ווערן צעפוילט

**Zbutwień,** מין אינזעקט

**Zbuzować,** אויסמוסרן, אויסריידן, אויסשטראָפן; אויסקלאַפּן, אויס- שלאָגן, אויסמזיקן

**Zbydlęcieć,** ווערן בהמהוואַטע; ווערן גראָב, נאַריש

**Zbyt,** צו, צופיל, צושטאַרק

**Zbyt,** אָפּזאַץ פון סחורה; rynek z—u — אָפּזאַצמאַרק

**Zbytecznie, zbytnio,** איבע- ריק, אומנייטיק; צופיל, צושטאַרק

**Zbytecznik, zbytnik,** לעב- יונג, עולם־הזהניק; שפּאַסער, שטיפער

**Zbyteczność, zbytność, zbytniość,** איבעריקייט

**Zbyteczny, zbytny, zbytni,** איבעריקער, אומנייטיקער

**Zbytek,** איבערמאָס, איבערפלוס; גוזמה; שפע, רײַכקייט, עשירות; לוקסוס; z—ki — שטיפערייען

**Zbytkować,** איבערכאַפּן די מאָס; פאַרשווענדן, צעטרענצלען; שפּאַסן, שטיפן

**Zbytkowny,** איבערמאָס־..., איבער- מאָסיקער; רײַכער, שפעדיקער; אויסברענגערישער, פאַרשווענדע- רישער; לוקסוס־..., לוקסוסאַר- טיקער

**Zbytny, zbytni,** לוקסוס־..., לוק- סוסאַרטיקער; לעביונגישער, צעלאָזענער, הפקרדיקער; שטי- פערישער, שפּאַסנדיקער

**Zbywać, zbyć,** (זיך) באַפֿרייען; פּטור ווערן; פֿאַרלירן, אָנווערן; אָפּשיקן, משלח זיין מיט גאָר־נישט; פֿאַרקויפֿן בחצי־חינם; טאָן אויף צו פֿלייסן; z. kogo żartem — אָפּפּטרן יענעם מיט אַ שפּאַס; zbywa czego — עס איז דאָ צופֿיל; z. na czem — עס פֿעלט אויס, עס סטייעט נישט

**Zbzikować,** ווערן ווילד, משוגע, צעמיהושט

**Zbzikowany,** ווילדער, משוגענער, צעמיהושטער

**Zdajać, zdoić,** אָפּמעלקן ביסל; אויסמעלקן אינגאנצן

**Zdala,** פֿונדערווייטנס, פֿון דער ווייט; אין דער ווייט; אַוועק!

**Zdalaświtny,** פֿון ווייטן גלאַנצנ־דיקער, לייכטנדיקער

**Zdaleka,** פֿונדערווייטנס

**Zdanie,** אָפּגעבונג; איבערענטפֿערונג, חפץ, פֿונקציע אדג"ל; אויסהאַלטונג עקזאַמען; מיינונג; אין גראַמאַטיק: זאַץ; mojem z—m — לויט מיין מיינונג

**Zdany,** אָפּגעגעבענער; איבערגע־ענטפֿערטער; אויסגעהאַלטענער פּרוּוו, נסיון, עקזאַמען אדג"ל

**Zdarcie,** אָפּרייסונג, אַראָפּרייסונג; רוּאינע, חורבן; פֿאַרוואונדונג

**Zdarny,** טויגעוודיקער, טויגלעכער; געשיקטער, זשוואַוער, פֿלינקער

**Zdarty,** אָפּגעריסענער, אַראָפּגע־ריסענער; אָפּגעטראָגענער, אָפּ־גענוצטער, צענישטשעטער

**Zdarzać, zdarzyć,** באַגליקן, אָפּגליקן; באַשענקען, געבן; z. się — זיך טרעפֿן, פּאַסירן

**Zdarzenie,** טראַף, פּאַסירונג, גע־שעעניש, פֿאַרפֿאַל, פֿאַל, צופֿאַל

**Zdarzyga,** מין אינזעקט

**Zdatnie,** טויגעוודיק, טויגלעך, פֿעאיק, מסוגל; געשיקט, פֿלינק

**Zdatność,** טויגעוודיקייט, טויגלעכ־קייט, מסוגלדיקייט, פֿעאיקייט, גע־שיקטקייט, פֿלינקייט

**Zdatny,** טויגעוודיקער, טויגלעכער, מסוגלדיקער, פֿעאיקער, געשיק־טער, פֿלינקער

**Zdawać, zdać,** אַרויסגעבן אַ רעשט; איבערגעבן, איבערענטפֿערן אַקט, ירושה אדג"ל; z. sprawę — אָפּגעבן אַ דין־וחשבון; z. w rekruty — אָפּגעבן אין מיליטער; z. egzamin — אויסהאַלטן דעם עקזאַמען; z. się — זיך פֿאַר־לאָזן, אָנטרויען; זיך צופּאַסן, טויגן; zdaje mi się — מיר דאַכט זיך, מיר שיינט

**Zdawca,** אַרויסגעבער; איבערגע־בער, איבערענטפֿערער

**Zdawić,** דערשטיקן, דערוואָרגן

**Zdawiendawna,** פֿון אַמאָליקע צייטן, פֿון קדמונים אָן

**Zdawka,** געלט־רעשט

**Zdawkowy,** רעשט־..., רעשטע־דיקער; moneta z—a — קליינע מטבע; איבערגעטר. זין: ערשטער־בעסטער, דורכשניטלעכער

**Zdawna,** פֿון לאַנג אָן

**Zdawniać, zdawnić,** פֿאַרעל־טערן; איינוואָרצלען, איינגרונטע־ווען, איינפֿעסטיקן

**Zdawniały,** פֿאַרעלטערטער, אַלט־פֿרענקישער

**Zdawnieć,** ווערן פֿאַרעלטערט

**Zdążać, zdążyć,** „זדאָנזשען", אָניאָגן, באַווייזן צו דער צייט

**Zdeb,** מין בער

**Zdech,** אָטעם, אויסאָטעם; לעצ־טער הויך, טויטהויך; śmiać się do z—u — זיך פֿאַרקייכן פֿון געלעכטער

**Zdechlak,** געפּגרטע חיה; מאַגע־רערקרענקלעכער מענטש אָד. חיה

**Zdechlina, zdechlizna,** פגרים-פלייש, נבלה-פלייש

**Zdechły,** געפּגרטער

**Zdechnąć, zdychać,** פּגרן, אַוועקפּגרן

**Zdecydować,** דעצידירן; צווינגען, נייטן; צורעדן; באַשליסן, באַשטימען; — **z. się** — זיך דעצידירן, זיך אַנטשליסן

**Zdeformować,** דעפאָרמירן, איבעראַנדערשן

**Zdefraudować,** דעפראודירן, גנבענען, לקחנען אַן אָנגעטרויטן חפץ, גנבען אדג״ל

**Zdejmować, zdjąć,** אַראָפּנעמען; **z. się** — זיך אַראָפּנעמען, ווערן אַראָפּגענומען

**Zdeklarować,** דעקלאַרירן, דערקלערן, מודיע זיין, באַקאַנט מאַכן; צוזאָגן, מבטיח זיין; — **z. się** — זיך דעקלאַרירן, זיך דערקלערן פאַר...; בעטן די האַנט פון א מיידל; זיך באַשליסן, אַנטשליסן

**Zdemaskować,** דעמאַסקירן, אַראָפּרייסן די מאַסקע

**Zdemobilizować,** דעמאָבילי-זירן, פאַנאַנדערלאָזן די מאָבילי-זירטע אַרמיי

**Zdemolować,** דעמאָלירן, צערו-אינירן, חרוב מאַכן

**Zdemoralizować,** פאַרדעמאָ-ראַליזירן, פאַרדאַרבן די זיטן

**Zdenerwować,** פאַרדענערווירן, אויפרעגן, אויפברענגען, אויפרייצן

**Zdeptać,** צעדרעפּטשען, צעטרעטן, צעטאָפּטשען

**Zderzać, zderzyć,** צונויפקלאַפּן, אָנקלאַפּן איינס אָן צווייטן; **z. się** — זיך צונויפקלאַפּן

**Zderzak,** בופער, מין מעכאַניזם, וואָס שוואַכט אָפּ די קראַפט פון קלאַפּ ביי צוגן, אויטאָמאָבילן אדג״ל





**Zdesperować,** נעמען צווייפלען; זיין פאַרצווייפלט

**Zdesperowany,** פאַרצווייפלטער

**Zdetonować,** דעטאָנירן, צע-שרויפן די טענער אין א שפּיל-אינסטרומענט; אַראָפּשלאָגן פון טאָן

**Zdetronizować,** דעטראָניזירן, אַראָפּזעצן פון טראָן

**Zdębić,** מאַכן שטייף ווי א דעמב

**Zdębieć,** ווערן פאַרשטייפט ווי אַ דעמב; ווערן פאַרחידושט, אי-בערראַשט

**Zdjęcie,** אַראָפּנעם, אַראָפּנעמונג; אָפּפאָרטרעטלונג; אויפנעם, פאָ-טאָגראַפיע; — **z. fotograficzne** — פאָטאָגראַפישע קלישע

**Zdjęty,** אַראָפּגענומענער; אָפּגע-פאָטאָגראַפירטער, אָפּגעפאָר-טרעטלטער

**Zdłabić, zdławić,** דערשטיקן, דערווערגן

**Zdłubać,** צעדלובען, צעדזשאָבען

**Zdłużać,** פאַרלענגערן, אויסציען; פּראָלאָנגירן

**Zdmuchiwać, zdmuchnąć,** אַראָפּבלאָזן; איבערגעטר. זין: אַוועק-גנבענען, אַוועקלקחענען

**Zdoba,** באַפּוצונג, באַצירונג

**Zdobiciel,** באַפּוצער, באַצירער

**Zdobić,** באַפּוצן, באַצירן, פאַרשע-נערן; — **z. się** — זיך אויספּוצן

**Zdobina,** מין אינזעקט

**Zdobnictwo,** אָרנאַמענטיק, שמוק-קונסט; באַפּוצעריי

**Zdobniczy,** וואָס איז נוגע דער שמוקקונסט

**Zdobnie,** אויסגעפּוצט, אויסגעצירט

**Zdobnik,** אויסגעפּוצטער געזימס

**Zdobność,** אויסגעפּוצטקייט, אויס-געצירטקייט; צירלעכקייט

**Zdobny,** אויסגעפּוצטער, אויסגע-צירטער; צירלעכער

**Zdobrzeć,** ווערן גוט; ווערן איינגעמילדערט, איינגעשטילט; זיך בעסער פילן, קומען צו די כוחות

**Zdobycz,** פאַנג, רויב

**Zdobyczny,** פאַנג...,  רויב..., פאַנגישער, רויבישער

**Zdobyty,** דערוואָרבענער, איינגענומענער, דעראָבערטער

**Zdobywać, zdobyć,** דערווערבן, דעראָבערן; איינגעמען, מנצח זיין, באַזיגן, באַהערשן; נעמען אין געפאַנגענשאַפט; אַרויסקריגן, אַרויסבאַקומען; **—z. się** זיך אַ נעם טאָן; **—z. się na...** פועלן ביי זיך צו...

**Zdobywca,** דערווערבער, דעראָבערער; באַזיגער, באַהערשער

**Zdobywczy** דערווערבער..., דערהערבערישער; באַזיגערישער

**Zdoić, zdajać,** אָפּמעלקן

**Zdolnie,** פעאיק, באַגאַבט, מסוגל

**Zdolność,** פעאיקייט, באַגאַבטקייט; באַגאַבונג, טאַלאַנט

**Zdolny,** פעאיקער, באַגאַבטער, מסוגלדיקער

**Zdołać,** באַווייזן, זיין בכוח דורכצופירן אן ארבעט, פלאן, אונטערנעמונג

**Zdołkować,** מאַכן גריבלדיק; אָנמאַכן גריבלעך

**Zdrada,** פאַרראַט, בגידה

**Zdradliwie, zdradnie,** פאַררעטעריש, מעשה בוגד

**Zdradliwy, zdradny, zdradziecki,** פאַרראַט..., פאַררעטערישער; איבערגעטר. זין: אומזיכבערער, געפערלעכער

**Zdradzać, zdradzić,** פאַרראַטן, בוגד זיין

**Zdradziecki, zdrajczy,** פאַררעטער..., פאַררעטערישער

**Zdradziecko, zdrajczo,** פאַררעטער..., פאַררעטעריש

**Zdradziectwo,** פאַרראַטונג, בגידה, פאַררעטעריי

**Zdradzony,** פאַרראַטענער

**Zdrajca, zdradnik,** פאַררעטער, בוגד; איבערגעטר. זין: אָפּווייכער, אָפּטריניקער, רענעגאַט

**Zdrajczyni, zdrajczyna,** פאַררעטערין

**Zdrapać, zdrapywać,** אַראָפּדראַפּען, אַראָפּקראַצן; אָפּדראַפּען, אָפּקראַצן, אָפּרייבן; **—z. się** זיך צעדראַפּען, צעקאַליעטשען

**Zdrasnąć,** לייכט אָפּרייבן, טאָן אַ ראַק, אַ קראַץ

**Zdrażać, zdrożyć,** אַראָפּגיין פון גלייכן וועג; פאַרטייערן, פאַריקרותן; **—z. się** זיך פאַרבלאָנדזשען; זיך פאַרמאַטערן פון גיין; זיך אָפּזאָגן מיט ווידערווילן

**Zdrażnić,** צערייצן, אויפרייצן, אויפרעגן

**Zdreptać, zdrepcić,** צעדרעפּטשען, צעטאָפּטשען, צעטרעטן

**Zdrewniały,** פאַרשטייפטער, פאַרגליווערטער, פאַרשטאַרטער

**Zdrewnieć,** ווערן פאַרשטייפט, פאַרגליווערט, פאַרשטאַרט

**Zdręczyć,** פאַרמוטשען, פאַרמאַטערן, פאַרפייניקן

**Zdrętwiałość,** פאַרגליווערטקייט, פאַרשטייפטקייט, פאַרשטאַרטקייט; אומבאַוועגלעכקייט, אומפילבאַרקייט

**Zdrętwiały,** פאַרגליווערטער, פאַרשטייפטער, פאַרשטאַרטער, פאַרשטיינערטער; אומבאַוועגלעכער, אומפילבאַרער

**Zdrętwić,** פאַרגליווערן, פאַרשטייפן, פאַרשטאַרן; מאַכן אומפילבאַר

**Zdrętwieć,** ווערן פאַרגליווערט, פאַרשטייפט, פאַרשטאַרט; ווערן אומבאַוועגלעך, אומפילבאַר

**Zdrobniałość,** פאַרדראָבנעטקייט, פאַרפּיצלטקייט; דראָבנעקייט, קליינקייט

**Zdrobniały,** פאַרדראָבנעטער, פאַרפּיצלטער; דראָבנער, קליינער, קליינטשקער; אין גראמאטיק: rzeczownik z. — פאַרקלענערטער שם-עצם

**Zdrobniać,** פאַרדראָבנען, מאַכן דראָבנע; פאַרקלענערן, פאַרמינערן; z. się — זיך פאַרדראָבנען, פאַרפּיצלען

**Zdrobnieć,** ווערן דראָבנע, קליין

**Zdroić,** באַשפּריצן, באַגיסן מיט קוואַלוואַסער

**Zdroisko,** גרויסער קוואַל; אומריינער קוואַל

**Zdroisty,** קוואַלנפולער

**Zdrojek,** קוועלכל, קליינער קוואַל; מין מאָד

**Zdrojowiec,** מין מושל

**Zdrojowisko,** קוואַלנגעגנט; הייל-אָרט, היילגעגנט, קוראָרט

**Zdrojowy,** קוואַל-..., קוואַלענער

**Zdrowaśka,** קריסטלעכע תּפילה

**Zdrowić,** פאַרגעזונטערן

**Zdrowie,** געזונט, געזונטצושטאַנד

**Zdrowieć,** ווערן געזונט

**Zdrowieniec,** מענטש, וואָס ווערט גענעזן, רעקאָנוואַלעסצענט

**Zdrowiodajny,** געזונט-מאַכנדיקער, היילנדיקער

**Zdrowiodawca,** געזונטמאַכער, געזונטגעבער, רופא

**Zdrowiuchny, zdrowiusieńki, zdrowiuteńki, zdrowiutki,** געזונטינקער, זייער געזונטער

**Zdrowo,** געזונט, געזונטערהייט

**Zdrowość,** געזונטקייט; געזונטצושטאַנד

**Zdrowotność,** געזונטלעכקייט

**Zdrowotny,** געזונטלעכער

**Zdrowy, zdrów,** געזונטער; z. jak ryba — געזונט ווי אַ פיש

**Zdrożać, zdrożyć,** פאַרטייערן, פאַריקרותן

**Zdrożałość,** פאַרטייערונג, פאַריקרותונג

**Zdrożały,** פאַרטייערטער, פאַריקרותטער

**Zdroże,** זייטנוועג, אומוועג

**Zdrożeć,** ווערן טייער

**Zdrożnie,** זייטנוועג-..., זייטנוועגיק, אומוועגיק; איבערגעטר. זין: זינדיק

**Zdrożność,** זייטנוועגיקייט; פעלער, טעות; חטא

**Zdrożny,** זייטנוועג-..., זייטנוועגיקער, אומוועגיקער; זינדיקער

**Zdrożony,** פאַרמאַטערטער פון וועג

**Zdrój,** קוואַל, היילקוואַל; שטראָם, טייכל; איבערגעטר זין: אָנהייב, אורקוואַל, אורשפּרונג

**Zdrutować,** פאַרדראָטעווען

**Zdruzgotać,** צעברעכן, צעקלאַפּן, צעטראַסקען אויף פּיצלעך; z. się — זיך צעברעכן

**Zdrużyć,** באַהעפטן אין אַ חברים-גרופּע, באַפריינדן

**Zdrygać się, zdrygnąć się,** זיך אויפצאַפּלען, אויפציטערן; טאָן אַ צאַפּל, אַ ציטער פון עקל

**Zdrzasnąć się,** אויפשוידערן פון שרעק

**Zdrzemać się, zdrzymać się, zdrzemnąć się, zdrzymnąć się,** זיך פאַרדרעמלען; כאַפּן אַ דרעמל

**Zdrzemały,** פאַרדרעמלטער, איינגעדרעמלטער

**Zdrzewić, zdrzewnić,** פאַרוואַנדלען אין האָלץ; פאַרהאַרטעווען ווי האָלץ; z. się — זיך פאַרוואַנדלען אין האָלץ

**Zduchowić,** פאַרגייסטיקן, פאַרוואַנדלען אין אַ גייסטיקן צושטאַנד; — z. się זיך פאַרגייסטיקן, זיך פאַרוואַנדלען אין גייסט

**Zdudkować,** ווערן נאַריש פון שרעק

**Zdudzić,** באַמיען, מטריח זיין; אָנשטרענגען; באַאומרואיקן

**Zdumiałość,** דערשטוינטקייט, פאַרחידושטקייט, פאַרגאַפטקייט

**Zdumiały,** דערשטוינטער, פאַרחידושטער, פאַרגאַפטער

**Zdumieć, zdumiewać,** דערשטוינען, פאַרחידושן, איבערראַשן, פאַרוואונדערן; — z. się זיך פאַרחידושן; ווערן דערשטוינט

**Zdumienie,** דערשטוינונג; פאַרחידושונג, פאַרגאַפונג, איבערראַשונג, פאַרוואונדערונג

**Zdumiony,** דערשטוינטער, פאַרחידושטער, פאַרגאַפטער, פאַרבליפטער, געפּלעפטער, איבערראַשטער, פאַרוואונדערטער

**Zdumnieć,** ווערן שטאָלץ, גאווהדיק, פאַררייסן בײַ זיך

**Zdun,** זדון; טעפער

**Zdunek,** מין שפּין

**Zdunka,** זדונס ווייב

**Zduńczyk,** זדון-געזעלן, זדון-יונג

**Zduński, zdunowy,** זדונ-..., טעפער-..., זדונישער, טעפערישער

**Zduństwo,** זדונעריי, טעפעריי, טעפער-מלאָכה

**Zduplikować,** פאַרטאָפּלען, פאַרצווייפאַכיקן

**Zdurniać,** אָנזידלען, אָנמוסרן

**Zdurnieć,** ווערן נאַריש

**Zdurzać, zdurzyć,** פאַרנעפּלען, פאַרנעבלען, פאַרטומאַנען; באַרווישן, פאַרשיכורן; אָפּנאַרן, באַשווינדלען

**Zdurzeć,** ווערן פאַרנעפּלט; באַרווישט, פאַרשיכורט

**Zdusić,** דערשטיקן, דערווערגן; — z. się זיך דערשטיקן; ווערן אויסגעלאָשן

**Zdużać,** באַוויזן, קענען אויספירן פּלאַן, אונטערנעמונג אדג"ל; באַזיגן, גובר זיין, באַהערשן

**Zdwajać, zdwoić,** פאַרצווייפאַכיקן, פאַרטאָפּלען; — z. się זיך פאַרטאָפּלען

**Zdybać, zdybnąć, zdybywać,** פאַקן אומגעריכט; כאַפּן בײַ דער האַנט; — z. się זיך באַגעגענען אומגעריכט

**Zdychać, zdechnąć,** פּגרן; — z. ze śmiechu אַוועקפּגרן; פּלאַצן פאַר געלעכטער

**Zdychawiczeć, zdychawicznieć,** ווערן קורצאָטעמדיק, אַסטמאַטיש

**Zdychłować,** פאַרגעדיכטערן

**Zdyskredytować,** פאַרדיסקרעדיטירן, צונעמען דעם קרעדיט; קאַליע מאַכן דעם נאָמען

**Zdyszały, zdyszany,** פאַרדישעטער, פאַרסאַפּעטער

**Zdyszeć się,** זיך פאַרדישען, פאַרסאַפּען

**Zdziałać,** אויפטאָן; אויספירן

**Zdziarstwo,** גראָבער זאַמד, זשוויר

**Zdziczały,** פאַרווילדעוועטער

**Zdziczeć,** ווערן פאַרווילדערט

**Zdziczenie,** פאַרווילדערונג

**Zdziczyć,** פאַרווילדערן, מאַכן ווילד

**Zdziecinniały,** קינדיש-געוואָרענער, פאַרקינדישטער

**Zdziecinnieć,** ווערן קינדיש

**Zdzierać, zedrzeć,** אַראָפּרייסן, אַראָפּפליקן; אַרונטעררייסן; באַרייסן פּרייז; איינרייסן, צערייסן בגדים; — z. się זיך צערייסן; זיך אַראָפּרייסן; זיך איינרייסן כוחות, געזונט

**Zdzierca,** באַרייסער, פּרייזבאַריי־ סער; באַרויבער, רויבער, גזלן
**Zdzierczy, zdzierski,** באַ־ רייסער־..., באַרייסערישער; רוי־ בער־..., רויבערישער
**Zdziergać, zdzierzgać, zdziergnąć, zdzierzgnąć** איינציען, צונויפציען; פאַרמאַכן, פאַרשליסן; אַרומנייען, אַרומזוימען
**Zdzierstwo,** באַרייסעריי, פּרייז־ באַרייסעריי; רויבעריי
**Zdzierżyciel,** וואָרטהאַלטער; אויסהאַלטער
**Zdzierżyć, zdzierżeć,** האַלטן וואָרט; אויסהאַלטן; **z. się** — זיך אָפּהאַלטן, צוריקהאַלטן
**Zdziesiątkować,** פאַרקלענערן מיט א צענטל; באַשטראָפן יעדן צענטן
**Zdziewać, zdziać,** אויסטאָן, אַראָפּציען די קליידער
**Zdziewosłębić, zdziewosłąbić,** אויסשדכנען, צונויפ־ שדכנען
**Zdziobać,** אָפּדזשאָבען, אָפּפּיקן
**Zdziurawić,** צעלעכערן
**Zdziurawieć,** ווערן צעלעכערט
**Zdziwaczeć,** ווערן משונהדיק, אויסטערליש, מאָדנע
**Zdziwaczyć,** מאַכן משונהדיק, אויסטערליש, מאָדנע
**Zdziwić,** פאַרוואונדערן, פאַרחידושן; **z. się** — זיך פאַרוואונדערן, פאַר־ חידושן
**Zdziwienie,** פאַרוואונדערונג, פאַר־ חידושונג
**Zzdziwiony,** פאַרוואונדערטער, פאַרחידושטער
**Zdzwignąć,** טאָן א שלעפּ, א ריר פון אָרט משא
**Zdżdżewnica, zdżewnica,** מין וואָרעם

**Zdżymać, zdżąć,** צונויפפּרעסן, צונויפדריקן
**Zebra,** זעברע, מין געשטרייפט פערד אין אפריקע
**Zebranie,** פאַרזאַמלונג; אָנזאַמ־ לונג, אָנקלייבונג
**Zebu,** מין אָקס
**Zecer,** זעצער, שריפטזעצער
**Zecernia,** זעצעריי, שריפטזעצעריי
**Zecerski,** זעצער־..., זעצערישער
**Zechcieć,** באַקומען חשק, ווילן; **z—ej** — זיי אַזוי גוט
**Zecknąć, zecknić,** פאַרמיאוסן, פאַרנמאסן, פאַרהעסלעכן; **z. się** — ווערן מיאוס, נמאס
**Zedel, zydel,** שוסטערבענקל
**Zedniem,** גלייך מיטן טאָג, מיטן באַגינען
**Zedrgnąć,** טאָן א ציטער, א צאַפּל, א צוק
**Zedrwieć,** ווערן אויסער זיך פון שרעק, אננסט אדג"ל
**Zedrzeć, zdzierać,** אַראָפּ־ רייסן, אַרונטעררייסן
**Zefir,** זעפּיר מין רינער באוולשטאף; לייכט קיל ווינטל
**Zegar,** זייגער; **z. ścienny** — וואַנטזייגער; **z. słoneczny** — זונזייגער
**Zegarek,** זייגערל; **z. kieszonkowy** — קעשענע־זייגערל
**Zegarkowy,** זייגערל־..., זייגער־ אַרטיקער
**Zegarmistrz,** זייגערמאַכער
**Zegarmistrzowski,** זייגערמאַ־ מאַכער־..., זייגערמאַכערישער
**Zegarmistrzowstwo, zegarmistrzostwo,** זייגער־ מאַכעריי
**Zegarmistrzyk,** זייגערמאַכער־ גזעלן, זייגערמאַכער־יונג
**Zegrać,** אויסשפּילן; אָפּשפּילן

**Zejmować, zjąć,** צונויפנעמען, צוזאַמענגעמען; צונויפציען, איינציען; z. się — זיך צונויפנעמען, צוזאַמענגעמען

**Zejrzeć,** אַראָפּקוקן, אַרונטערקוקן

**Zejście,** אַראָפּגאַנג, אַרונטערגאַנג

**Zejść, schodzić,** אַראָפּגיין, אַרונטערגיין; אָפּפליסן צייט; פּאַקן, טרעפן אומגעריכט; z. ze świata — אַוועקגיין פון דער וועלט; z. się — זיך צונויפקומען, צוזאַמענקומען, צוזאַמענטרעפן

**Zekpać,** אָפּלאַכן, אָפּשפּאָטן, אָפּחוזקן; אָנזידלען, זיך אָנבייזערן

**Zekpić się,** זיך באַנאַרישן; זיך קאָמפּראָמיטירן

**Zekrwawić,** פאַרבלוטיקן

**Zekształcać, zekształcić,** פאַראומגעשטאַלטיקן; איינלייגן אין אַן אומאָרדענונג

**Zekształt,** מום-געשטאַלט; פאַרקריפּלט גליד

**Zelgnąć,** צוקלעפּן

**Zelsnąć,** טאָן אַ גלאַנץ, אַ ליכט; ווערן פאַרבלענדט

**Zelża,** באַליידיקונג, בזיון

**Zelżeć,** ווערן לייכטער, גרינגער; z—ało — ס'איז געוואָרן לינדער פראָסט, וועטער

**Zelżenie,** באַליידיקונג, שענדונג

**Zelżyciel,** באַליידיקער, שענדער, בעל-מבזה; פאַרלייכטערער

**Zelżyć,** באַליידיקן, שענדן, מבזה זיין; מאַכן לייכטער, גרינגער; מאַכן ווייכער, מילדער, לינדער

**Zelżywie, zelżywo,** באַליידיקנדיק, באַליידיקלעך, מיט באַליידיקונג, שענדלעך

**Zelżywość,** באַליידיקונג; שענדלעכקייט, בזיונדיקייט

**Zelżywy,** באַליידיקנדיקער, שענדלעכער, בזיונדיקער, חרפּהדיקער

**Zełgać,** זאָגן אַ ליגן

**Zełknąć,** אַראָפּשלינגען, אַראָפּשלוקן

**Zemdlały,** פאַרחלשטער

**Zemdleć,** ווערן פאַרחלשט, פאַלן אין חלשות

**Zemdlenie,** חלשות; פאַרחלשונג

**Zemdlić,** נעמען איבלען; פאַרחלשן

**Zemdliwość,** חלשותדיקייט

**Zemdły,** פאַרחלשטער

**Zemleć,** אָפּמאָלן תבואה

**Zemrzeć,** אַוועקשטאַרבן

**Zemsta,** נקמה

**Zemszczyk,** מין פייגעלע

**Zemszyć,** באַמאָכיקן, באַדעקן, באַליגן מיט מאָך

**Zemściciel,** נקמה-נעמער, נוקם

**Zemścić się,** זיך נוקם זיין

**Zemżyć,** איינשלעפערן

**Zeniszek,** מין געוויקס

**Zenit,** זעניט, העכסטער פונקט אינם הימלגעוועלב; איבערגעטר. זין: העכסטע מדרגה

**Zepchnąć, spychać,** אַראָפּשטופּן, אַראָפּשטויסן

**Zeprać, sprać,** אָפּוואַשן

**Zeprzały,** קאַליע-געוואָרענער פון היץ, פייכטקייט אד"גל

**Zeprzeć,** אָפּשפּאַרן, אָפּווענדן, אָפּשטויסן, אָפּשלאָגן; אַרויסשפּאַרן, אַרויסשטויסן, אַרויסשטופּן

**Zeprzeć,** ווערן קאַליע פון היץ, פייכטקייט אדג"ל

**Zepsieć, zepsić się,** זיך פאַרהינטישן, ווערן הינטיש, געמיין

**Zepsnąć się,** זיך אַראָפּגליטשן, אַרונטערגליטשן

**Zepsucie,** פאַרדאַרבונג; זיטנפאַרדאַרבונג, דעמאָראַליזאַציע

**Zepsuć, zepsować,** פאַרדאַרבן, קאַליע מאַכן, איבערפירן

**Zepsutość,** פאַרדאָרבנקייט, דעמאָראַליזירטקייט

**Zepsuty,** פאַרדאָרבענער, דעמאָ־ ראַליזירטער
**Zerda,** מין סטעפּ־פוקס
**Zerdzawieć, zerdzewieć, zrdzewieć,** ווערן פאַרזשאַ־ ווערט, פאַרראָצט
**Zerk!** אַ קוק! אַ בליק!
**Zerkać, zerknąć,** כאַפּן אַ קוק, קוקן פון דער זייט, קוקן בגניבה
**Zerki,** אויסשפּיר־עקסקורסיעס
**Zero,** זעראָ, נול (0)
**Zerwa,** מין געוויקס
**Zerwać, zrywać,** אַראָפּרייסן, אַרונטעררייסן; איבעררייסן
**Zerwisko,** אָפּברוך, ברוכשטיק, שפּליטער; חורבה, רואינע
**Zerznąć, zrzynać,** אָפּשניידן; אַראָפּשניידן פון אויבן
**Zeschły,** איינגעטריקנטער, איינגע־ וועלקטער
**Zeschnąć, zsychać,** איינטריקע־ נען, ווערן איינגעטריקנט
**Zesinieć, zsinieć,** ווערן בלוי
**Zeskakiwać, zeskoczyć,** אַראָפּשפּרינגען, אַרונטערשפּרינגען
**Zeskamotować,** אַוועקגנבענען, אַוועקלקחענען
**Zeskorupić się, zeskorupieć,** זיך פאַרהאַרטעווען, באַ־ קומען אַ האַרטע שאָל
**Zeskrobać, zeskrobywać,** אַראָפּשקראָבען, אַראָפּשאָבן, אַראָפּקראַצן, אַראָפּרייבן
**Zeskromnieć,** ווערן באַשיידן, עניוותדיק
**Zeskubać, zeskubnąć,** אַראָפּ־ צופּן, אַראָפּפּליקן; אָפּצופּן, אָפּ־ פּליקן
**Zeskwarzyć,** אָפּפּרעגלען
**Zesłabieć, zesłabnąć,** ווערן שוואַך, אָפּגעשוואַכט
**Zesłabły,** אָפּגעשוואַכטער





**Zesłać, zsyłać,** אַראָפּשיקן, אַרונ־ טערשיקן; פאַרשיקן; אויסבעטן געלענער
**Zesłanie,** אַראָפּשיקונג, אַרונטער־ שיקונג; אויסבעטונג געלענער
**Zesłaniec,** פאַרשיקטער, דעפּוטאַט
**Zesłanka,** פאַרשיקטע; דעפּוטאַטין
**Zesławić,** באַשמוצן דעם נאָמען, מאַכן מפורסם אין שלעכטן זין
**Zesłonąć,** ווערן געזאַלצן
**Zesmagać,** אָפּשמייסן, אָנשמייסן; z. się—זיך פאַרמאַטערן
**Zesmalać, zesmolić,** אָרום־ סמאָליען; אַרומפּאַטשקען
**Zesmalać, zesmalić,** אַרום־ סמאַליען, אַרומשרפען; אַרומבאַקן, אַרומבראָטן
**Zesmarować,** באַשמירן; אַראָפּ־ נעמען דאָס באַשמירעכץ
**Zesmażyć,** אויספּרעגלען, אָפּ־ פּרעגלען
**Zesmoktać,** אויססמאָטשקען, אויס־ זויגן, אויסנאָגן
**Zesmorgać,** אויפּעסן; אויסטרינקען
**Zesmuknąć, zesmyknąć,** אָפּרייסן, אַראָפּרייסן; אַנטלויפן, זיך אָפּטראָגן
**Zesnuwać, zesnuć,** אַראָפּרוקן, אַראָפּשאַרן; איבעררוקן; צונויפ־ ציען, צוזאַמענציען
**Zesplatać,** צונויפפלעכטן
**Zespoić,** צונויפהעפטן, צונויפבינדן
**Zespolić,** פאַרייניקן, פאַרבינדן, באַהעפטן
**Zespół,** פאַרייניקונג, פאַרבינדונג, באַהעפטונג; אַנסאַמבל
**Zesromocić,** שענדן, מבזה זיין, שטעלן בחרפה
**Zesrożyć,** מאַכן שטרענג; z. się— ווערן שטרענג; זיך צעבעסן
**Zessać,** אַרויסזויגן
**Zestarzały,** פאַר׳עלטערטער

**Zestarzeć się,** זיך פאַרעלטערן, ווערן פאַרעלטערט

**Zestawca,** צונויפשטעלער; מעבאַניקער, מאָנטער

**Zestawiać, zestawić,** צונויפשטעלן, צוזאַמענשטעלן; אַראָפּשטעלן, אַרונטערשטעלן; פאַרגלייכן, צוגלייכן; z. się—זיך צונויפשטעלן

**Zestawienie** צוזאַמענשטעל; פאַרגלייך

**Zestopniować,** פאַרשטייגערן, אויפהייבן צו אַ העכערער מדרגה; איינלייגן לויט די מדרגות; אַראָפּלאָזן, אַרונטערלאָזן, אַראָפּנידעריקן

**Zestosować, zestosowywać,** צופּאַסן; פאַרגלייכן

**Zestosunek,** צופּאַסונג; פאַרגלייכונג פון עטלעכע אָביעקטן

**Zestosunkować,** פאַרגלייכן, צוזאַמענלייגן כדי צו פארגלייכן; z. się—קומען מיט עמעצן אין נאָענטע באַציונגען

**Zestrachać,** דערשרעקן, איבערשרעקן

**Zestrajać, zestroić,** איינלייגן האַרמאָניש

**Zestraszyć,** איבערשרעקן

**Zestrugać,** אַראָפּשניצן, אַראָפּשניידן, אַראָפּהעבליעווען

**Zestrzelać, zestrzelić** אַראָפּשיסן; קאָנצענטרירן אין איין פונקט

**Zestrzygać, zestrzyc,** אַראָפּשערן, אַרונטערשערן

**Zeswatać,** צונויפשדכנען, צונויפּפּאָרן, מזווג זיווגים זיין

**Zesworować, zesforować,** פאַרייניקן, פאַרבינדן, באַהעפטן

**Zesystematyzować,** איינסיסטעמאַטיזירן, איינסדרן לויט אַ סיסטעם



**Zeszczuplać, zeszczuplić,** מאַכן שטשופּלע, מאָגער; z. się—זיך אָפּצערן

**Zeszczupleć,** ווערן שטשופּלע, מאָגער, דאַר, אָפּגעצערט

**Zeszczutkować,** טאָן אַ שנעל

**Zeszkaradzić,** פאַרמיאוסן, פאַרהעסלעכן

**Zeszkleć, zeszklić się,** ווערן פאַרוואַנדלט אין גלאָז

**Zeszlamować,** אויסשליימיקן, אויסרייניקן פון שליים

**Zeszłoroczny,** פאַראַיאָריקער

**Zeszłość,** פאַרגאַנגענקייט, עברדיקייט; אָפּגעשוואַכטקייט מחמת זקנה

**Zeszły,** פאַרגאַנגענער, עברדיקער, פאָריקער, געוועזענער; אָפּגעשטאָרבענער, אַוועקגעשטאָרבענער; אָפּגעשוואַכטער מחמת זקנה; פאַרעלטערטער

**Zesznurować, zesznurowywać,** צונויפשנורעווען, איינשנורעווען

**Zeszpecić,** שטאַרק פאַרהעסלעכן, פאַרמיאוסן

**Zeszpetnieć,** ווערן העסלעך

**Zeszpotawić,** מאַכן הינקעדיק, לאָם; אויסקרימען שיך בעתן גיין; z. się — זיך אויסקרימען; ווערן הינקעדיק

**Zeszronieć,** ווערן פאַרוואַנדלט אין טויגעפריר; ווערן גרוי

**Zesztywnieć,** ווערן פאַרשטייפט

**Zeszyć, zszywać,** צונויפנייען, צוזאַמענייען, צוזאַמענהעפטן

**Zeszyt,** העפט

**Zeszytowy,** העפט..., העפטנווייזער; — wydawnictwo z—e העפטן-אויסגאַבע

**Ześcielać, ześciełać, zesłać,** אויסבעטן געלעגער

**Ześlepić,** פאַרבלענדן; מאַכן בלינד

**Ześlinić,** באשפייען, באגאווערן
**Ześlizgiwać się, ześliznąć się,** זיך אראָפּגליטשן, ארונטערגליטשן
**Ześlizgły,** אראָפּגעגליטשטער, ארונטערגעגליטשטער
**Ześlubić,** פארבינדן דורך חתונה
**Ześmiać się,** זיך אָנלאַכן
**Ześniecić się,** ווערן בראַנדיק תבואה
**Ześniedzić,** מאכן טונקל-ברוין, פארטונקלען; באדעקן מיט שימל
**Ześniedzieć,** ווערן טונקל-ברוין; זיך באדעקן מיט שימל
**Ześnieżyć,** באשנייען, באשיטן מיט שניי; אראָפּרוימען דעם שניי
**Ześpiewać,** אויסזינגען, אָפּזינגען
**Ześrodkować,ześrodkowywać,** צוזאַמענעמען אין איין פונקט, קאָנצענטרירן
**Ześrodkowość,** קאָנצענטריש-קייט, קאָנצענטריר-באַרקייט
**Ześwinić,** אָפּחזירן, אָפּפּושערן, אָפּפּאַרטאַטשעווען; z. się — אָפּ-טאָן א חזיריי
**Zetkać,** צונויפשטעקן; z. się — זיך באַגעגענען, זיך צוזאַמענ-שטויסן בפרט מיטן שונא
**Zetknąć, stykać,** צוזאַמענברענ-גען, צונויפטרעפן; z. się — זיך צונויפטרעפן; זיך צונויפקוי-מען אין איין פונקט; זיך באַגעג-נענען, אָנטרעפן; זיך באַפריינדן; זיך צוזאַמענשטויסן מיטן שונא
**Zetleć,** אויסטליען, אויסברענען
**Zetrwać,** אויסהאַלטן, אויסדויערן; זיך דערוואַרטן, דערלעבן, דער-האַרן, זוכה זיין
**Zetrzeć,** אָפּרייבן, אָפּמעקן, אָפּ-ווישן; אויסמעקן, אויסשטרייכן; אַראָפּרייבן, אַראָפּשאָבן, אַראָפּ-קראַצן
**Zew** רוף, שטים, שטימע, קול

**Zewnątrz,** פון אויסן, פון דרויסן; z. domu — אויסער, מחוץ — מחוצן הויז, אויסערן הויז
**Zewnętrze,** אויסערלעכע זייט, דרויסן
**Zewnętrznie,** אויסערלעך, אויסנ-וויניק, דרויסנדיק, פון דרויסן
**Zewnętrzność,** אויסערלעכקייט, אויסנווייניקייט, דרויסנדיקייט; אויסערלעכער אויסזען
**Zewnętrzny,** אויסערלעכער, אויסנווייניקסטער, דרויסנדיקער
**Zewrzeć, zewreć,** נעמען קאָכן, זידן; זיך אויפקאָכן
**Zewsząd,** פון אלע זייטן, פון רונד-ארום, פון אומעטום
**Zewszechmiar,** אין אלע הינ-זיכטן, אין יעדן פרט, בכל-אופן, לכל-הדעות
**Zez,** שיקל; שיקלדיק אויג; שיקל-דיקער מענטש
**Zez, zys, zyz,** זעקס אין שפּיל-ביינדלעך
**Zeza,** אונטערשטער שיפטייל; נעק, לויערנעק, פאַסטקע, פולאַפּקע
**Zeznać, zeznawać,** געבן דער-קלערונגען בפרט אין געריכט
**Zeznanie,** דערקלערונג, עדות-זאָגונג אין א געריכט
**Zezooki, zezowaty,** שיקל-אויגיקער, שיקלדיקער
**Zezować,** קוקן שיקלדיק
**Zezowatość,** שיקלדיקייט, קאַ-סאָקעדיקייט
**Zezowaty,** שיקלדיקער, קאַסאָקער
**Zezwalać, zezwolić,** דער-לויבן, געבן רשות; מסכים זיין, צושטימען, באַווילִיקן
**Zezwierzęcać, zezwierzęcić,** מאַכן חיהשדיק, אכזריות-דיק, ווילד
**Zezwierzęcieć,** ווערן פארחיהשט

**Zezwoliciel, zezwalacz,** דערלויבער, רשות־געבער

**Zeżreć,** אראָפּפרעסן

**Zębacić,** מאַכן זאָמבאַטע, ציינאַר־טיק, ציינדלדיק

**Zębacieć,** ווערן זאָמבאַטע, ציינ־ארטיק; באַקומען ציין

**Zębacz,** מענטש מיט גרויסע ציין; אַרומקריגער, אַרומרייסער; מין פּיש; ציינשטעכער

**Zębatek,** מין פייגל

**Zębaty,** באַציינדלטער; ציינשאַר־פער, ציינשפּיציקער; איינגעבי־סענער, פאַרביסענער; שאַרפער, שטעכיקער, בייסיקער

**Zębiarka,** מאַשין, וואָס אַרבעט אויס געציינדלטע רעדער

**Zębina,** צאָנביין

**Zębiołek,** מין חיהלע

**Zębisko,** גרויסער מיאוסער צאָן

**Zębny, zębowy,** ציינ־..., צייני־קער, ציינדלדיקער

**Zębociąg,** ציינרייסער, ציינצווענגל

**Zębodłub,** ציינשטעכער

**Zębodół,** צאָנפּאַרטיפונג

**Zębodzioby,** מין זינגפייגל

**Zęborożec,** מין וואַלפיש

**Zęborwacz, zębołom,** ציינ־רייסער, ציינברעכער

**Zębować,** באַקומען ציין; ליידן אויף די ציין, האָבן ציינווייטיק; אויסשניידן אין זאָמבעס

**Zębowaniec,** מין מושל

**Zęból, zębołom,** פאַפּירצאָן, פאַפּיר־בויג בפרט ביי וויזיטקאַרטן

**Zębówka,** צאָנפיש

**Zgachować,** פאַרבאַלעמוטשען

**Zgadać się,** זיך צערעדן, צע־שמועסן; זיך צונויפרעדן, צו־נויפשמועסן

**Zgadywacz, zgadula, zgadywaczka,** טרעפער(ין)

**Zgadywać, zgadnąć,** טרעפן, פאָרזאָגן, פאָרויסזאָגן; z. zagad-kę—טרעפן אַ רעטעניש; z. się—ווערן געטראָפן; זיך צונויפרעדן, צונויפשמועסן

**Zgadzać, zgodzić,** מאַכן שלום, פאַראייניקן, פאַרבינדן; דינגען, באַשטעלן; z. się — איינגיין, מסכים זיין, צושטימען; זיך אי־בערבעטן, דורכקומען; זיך דינגען, מושווה ווערן; rachunek z—a się דער חשבון שטימט

**Zgaga,** זגאַגע, ברענונג „אויפן האַרצן"

**Zgajać, zgoić,** פאַרהיילן וואונד; z. się — זיך פאַרהיילן

**Zgalać, zgolić,** אָפּגאָלן, אָפּראַ־זירן; אַראָפּגאָלן, אַראָפּראַזירן; אָנקלאַפּן, אָנשלאָגן

**Zgałganić,** פאַרוואַנדלען אין אַ שמאַטע

**Zgałganieć,** ווערן אַ שמאַטע; ווערן אַן אויסוואורף

**Zgangrenowacieć,** ווערן גאַנ־גרעניזירט

**Zganiać, zgonić, zegnać,** צונויפיאָגן, צונויפטרייבן; אַראָפּ־יאָגן, אַראָפּטרייבן; אַרויפוואַרפן די שולד אויף יענעם; אָניאָגן ביז מיד־קייט; z. się — זיך צונויפיאָגן; זיך אָנלויפן ביז מידקייט

**Zganić,** טאַדלען, קריטיקירן, פאָר־וואַרפן

**Zgapić się,** זיך פאַרגאַפן

**Zgapieć,** ווערן אַ גאַפ; ווערן פאַר־גאַפט, פאַרבליפט, פאַרחידושט

**Zgarbacić,** מאַכן הויקערדיק

**Zgarbacieć,** ווערן הויקערדיק

**Zgarbiać, zgarbić,** איינהויקערן, אויסקרימען; z. się — זיך איינ־הויקערן

**Zgarbienie,** איינהויקערונג, אויס־קרימונג

